

## קאָמיטעט
## פאַר
## ייִדישער קולטור
## אין ישראל

# ביכער־סעריע

## שרייבערס עולים פון
## סאָוועטן־פאַרבאַנד

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון קרן הזכרון לתרבות יהודית, ניו־יאָרק,
און האגודה לחקר תפוצות ישראל. ירושלים.

# פון קאָמיטעט פאַר ייִדישער קולטור
# אין ישראל

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס דער לייענער באַקומט איצט אין האַנט אַרײַן, ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט פאַר ייִדישער קולטור אין ישׂראל, אין דער ביכער־סעריע געווידמעט די שאַפונגען פון שרײַבערס, נײַע עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דאָס אַרויסגעבן אָט די סעריע ביכער האָט פאַר זיך פאָלגנדיקע צילן:

א) אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט דעם שרײַבער וואָס איז געקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד און האָט אויפגעשטעלט זײַנע שעפערישע געצעלטן אין דער אַלט־נײַער ייִדישער היים. צו דעם צוועק גיבן מיר אויך אַרויס די העפטן „בײַ זיך" און מיר גרייטן צו אַן אַנטאָלאָגיע פון זייערע שאַפונגען אין עברית.

ב) באַקענען די ייִדישע לייענערס אין ישׂראל און אין די תּפוצות מיט די שאַפונגען פון די דאָזיקע שרײַבערס, וועלכע זענען געווען אָפּ־געריסן פון דער פרײַער ייִדישער וועלט, אין וועלכער די ייִדן האָבן תּמיד געהאַט אַ גרויסן אינטערעס צו דעם לעבן פון זייערע ברידער און שוועסטער אונטערן סאָוועטישן רעזשים.

ג) אַרויסברענגען מיט דער דאָזיקער איניציאַטיוו אונדזער פולע אידענטיפיקאַציע מיט די שרײַבערס נײַע עולים און שאַפן מעגלעכקייטן, אַז זיי זאָלן זיך וואָס גיכער אײַנוואָרצלען אין דער מדינה; דערמיט אויך סטימולירן זייער ווײַטערדיקן שאַפן אין באַדינגונגען פון פולער פרײַהייט און טרײַשאַפט צו זייער נאַציאָנאַל־גײַסטיקער שליחות.

ד) העלפן די שרײַבערס נײַע עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך אײַנשליסן אין דער ישׂראלדיקער קולטור, אין וועלכער עס קומען זיך צונויף אַלע ווערטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות דורך אַלע טיילן פון ייִדישן פאָלק אין דער וועלט.

אַ האַרציקן יישר־כּוח די אַלע, וואָס העלפן אונדז בײַם רעאַליזירן די דאָזיקע איניציאַטיוו און אַ ספּעציעלן דאַנק דעם י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תּל־אביב, וואָס האָט אויף זיך גענומען דאָס אויספירן די פאַרלעגערישע זײַט פון דער דאָזיקער אויסגאַבע מיט אַלעם, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.

# מיטן אָפּשניץ פון בלײַער

מיטן אָפּשניץ פון פאַרבאָטענעם בלײַער
שרײַב איך מײַנע לידער פון אַרעסטאַנט,
איך שרײַב זיי אין געפּריר אויף דער וואַנט
און אויף פּאַפּיר פון ציגײַער
(דאָס אַראָפּצושלינגען איז גרינגער
ווען דער קאָט דיך כאַפּט בײַ דער האַנט
— אין פלאַגראַנט),
איך שרײַב זיי מיט פאַרשמאַכטע פינגער
אויף דער פאַרהויכטער שויב
און אין שניי,
און אין שטויב
איך שרײַב זיי מיט אַ שטעקל,
און אויף אַ שטיקל דינעם לײַוונט,
וואָס איך רײַס אָפּ פון אונטערהעמד מײַן
וואָס איז שוין ניט ווײַס,
און כ׳ניי עס אַרײַן
אין אונטערשלאַק פון מײַן רעקל...

אפשר וועט מען אַ מאָל זיי געפינען,
זוי מע געפינט, ווען דער שניי טוט צערינען,
אַן אויפשריפט אויף אַ פעלדזנשפּיץ,
וואָס עמעצער האָט געטאָן אַ פאַרקריץ
מיט די לעצטע כּוחות אין היץ
פון גסיסה...
צי גאָר ווי אין אַ תּפיסה
אויף דער וואַנט, אַן עפּיטאַף,
פון צײַט ניט אָפּגעריבן,
וואָס עמעצער האָט מיט צעשויבערטן כּתב
נאָך זיך אַליין געשריבן...

## כ׳האָב ניט חושד געווען

ווען ס׳האָט זיך געעפנט
דער וועג פֿאַר מיר ברייט
און כ׳האָב,
ווי דער פֿויער זײַן גאַרביקע פֿרייד,
מײַן חלום נאָך אויפֿן אַקסל געטראָגן,
האָב איך ניט חושד געווען
סאַראַ אומגליק מיר גייט
אומעטום נאָך,
ווי דער וואָלף אין געלויער
פֿוס־טריט
נאָכן אַקסענעם וואָגן...

כ׳האָב ניט חושד געווען,
אַז ער תּמיד איז וואַך
און קוקט מיר נאָך, אין געשטאַלטן אַ סך,
נאָך אַלץ וואָס איך קלער,
נאָך אַלץ וואָס איך מאַך,
ווי ס׳קוקט נאָכן שניי־ווײַסן גענדזל
דער שפּאַרבער,
ווען ס׳טוט זיך צום הימל אַ טראָג
פֿונעם סכך
און ניט טראַכט פֿון סכּנה האַרבער...

# ע ר ב

וועןְ ס׳האָט אין מײַנע יִינגללאָקן
דער חלום נאָך געשפּילט, ווי ערב טאָג
די שטילקייט אינעם טורעמגלאָק,
און ס׳האָט די וועלט גענומען מיך פֿאַרלאָקן
מיט סודותפֿולע ווײַטקייטן
ווי אַ מיראַזש,
אַוועקגעלאָזט כ׳האָב זיך צו איר אָן רעש,
ווי לויט אַ כּישוף-צייכן,
אומבאַדינגט דערלאַנגען,
אומבאַדינגט דערגרייכן,
ניט קלערנדיק מיט וועלכן פּרײַז
איך צאָלן וועל באַדאַרפֿן...

איז דער וועג געווען אַ מאָל ווי אײַז
בײַ אָפּגרונטראַנד בײַ שאַרפֿן,
און ליימיק, שליימיק,
און ווי לויג
וואָס טוט דעם גייער אַ פֿאַרזויג ;
איז ער געווען דורך מאַנגל,
שינאה, קינאה און דורך ראַנגל,
און געפֿאַלן איבער שטרויכלונגען איך בין.
נאָר כ׳האָב געהאַט דאָך אַ ״וּוּהִין״,
אַ זעונג כ׳האָב געהאַט, אַ גלויבן —
האָב איך מיך אויפֿגעהויבן
און געצויגן ווײַטער און געשפּאַנט,

געשפּאַנט, געשפּאַנט
און ניט געאַנט
אַז כ׳וועל פאַרגיין צו אָט דעם ראַנד,
צום חושכדיקן גרוב אָט דעם,
פון וואַנען
ס׳איז, ווײַזט אויס, קיין רעטונג
ניט פאַראַנען...

## אָ, קיין מאָל ניט געדאַכט

און אויב דער גורל איז לעדערנעם מונדיר
אין אַ שוואַרצן טאָג וועט קומען אויך צו דיר,
טאָן אַ קלאַפּ מיט פרעכקייט אין דײַן טיר,
מיט געקאָוועטן שטיוואַל זײַן שווערן
(ווער וואַרט ניט אויף דעם קלאַפּ מיט ציטערניש ?)
און ער וועט, ווי דעם שופלאָד פון דײַן טיש,
די נשמה דײַנע איבערקערן,
אויסטאַפּן וואָס איז אין איר פאַרטײַעט
און אַ צעבראָכענעם, פאַרהעצטן,
דיך פאַרפירן וועט ער ווײַט, העט ווײַט,
ביז צו אָט דעם טויער ווו עס שנײַדט
דײַן וועג זיך אָפּ, ביז שפּאַן דעם לעצטן...

זיך געזעגן דעמאָלט מיט דער וועלט,
מיט דעם חלום וואָס האָט דיך באַזעלט,
וואָס אין דײַנע טוונגען
און אין דײַנע רייד
געווען זיי זענען תּמיד
און האָבן דיך געקליידט...

בלויז אַ ווײַט און דומפּיק ווידערקול
בלײַבן וועט אין האַרץ דיר פון אַ מאָל,
פון דעם טומלדיקן נעכטן
אין געשעענישן בונט
פון די ליבעס,
די געפעכטן
(וואָס געלאָזט דיר ניט איין ווונד)
פון די האָפענונגען, פון דײַן גלויבן,
פון דער שיינקייט וואָס דערהויבן
און צו גליק געריכט,

וואָס דייַן וואָרט אַ זין געגעבן
און דייַן טאַט — געוויכט...

ווי אין פידל וואָס איז אייַנגעשוויגן
הערט זיך קוים נאָך אַ וויבריר,
ציטערט נאָך דער שאָטן פון אַ ניגון,
בלייַבן אויך אין האַרץ בייַ דיר
— וועט נאָר אַ בלאַסער עכאָ הענגען
אויב מע וועט אַהער דיך ברענגען
און ווערן מיט אַ בייז געקליר,
ווערט הינטער דיר דער טויער צוגעמאַכט, —
אָ, קיין מאָל, קיין מאָל, קיין מאָל
ניט געדאַכט...

## דאָס זענען זיי...

אָפּגענאַרט האָט מיך דאָס לעבן. פונעם גרויסן,
פונעםברייטן וועלטנוועג אַראָפּגעשטויסן,
מיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַן עיפּושדיקן זומפּ,
ווו לעבן כ׳מוז אין איינעם מיטן לומפּ,
ווו דולדן כ׳בין די שכנהשאַפט געצוווּנגען
פון קינדער־וואַרגערס גרויזאַמע, פון מעסערייונגען,
פאַרזעעניישן מיט שמאָלע שטערנס פון גאָרילעס,
אַריער און סלאַוו,
אַ העסלעכער, אַ ווילסטער ערב־רב...

דאָס האָבן זיי פאַרטיליקט גאַנצענע קהילות
אין אַלע טאָלן פון אייראָפּע
אין מטורפן געלאַף...

דאָס האָבן זיי וואַנדאַליש אויפגעריסן
די שטאָלצע, הערלעכע היכלס פון וויסן,
צו וועמעס וואַרעמע שוועלן, פול גיר,
אומגעשטילט,
ניט באַגנוגנט,
לײַדנשאַפטלעך,
מיט עקשנות אָן שיעור,
געצויגן זיך ס׳האָט אונדזער יוגנט...

דאָס האָבן זיי אין פלאַמיקן וויכער
געוואָרפן די פאַרמעטן אַלטע, די ביכער,
אין וועלכע ס׳האָבן גאונים פון גײַסט,
פון וואָרט און געדאַנק די אײדעלע שלײַפערס,
די חכמה פון דורות געזאַמלט מיט פלײַס,
און ס׳האָבן די מענטשן געהיט זי מיט אייפער —

די גרויסע ירושה — זייער ציר,
זייער ערע...
דאָס זענען זיי די פאַרשאָלטענע זרע!..

נאָך אַווירט פון זיי די מטורפע לערע
פון מינכענער הפקר־יונג,
דעם פעדעראַסט,
וואָס האָט דורך געשפּענסטיקע מעשׂים פאַרקנסט
מיט דער געשיכטע זײַן פינצטערן נאָמען,
נאָך שלאָגט זיי אַ חלום אַרויף פון געשלעג,
פון פּלינדער,
פון רויב,
פון מענטשן־געיעג
און פון אומבאַשטראָפטע ייִדן־פּאָגראָמען...

דאָס איז זי, די אויסדערוויילט
העכערע ראַסע!...

כ'האָב אין די אויגן — אָן גלאַנץ, ווי פּלאַסטמאַסע —
אַרײַנגעקוקט זיי
און אַ טשמעל און אַ שניט,
ווי אַ בליץ, די דערמאָנונג געטאָן אין געמיט,
און אין די דינסטע געפּעסן צעגליט
האָט זיך די וווּנד ניט־פאַרהיילטע,
ווי פריסיק...

ווער זאָגט אַז דאָס הערן
ס'איז שוין איבערדריסיק?...

איך האָב אין די אויגן אַרײַנגעקוקט זיי
און די מחנות דערזען אין ווינטער־זאַווייי
געפירטע צום גרוב... מיר בולטער, בעסער

האָט יענע נאַכט פון שעכטנדיקן מעסער
ווידער זיך פאַרגעשטעלט...
יענע לאַנגע נאַכט, נאָך וועלכער
ס'איז געבליבן הענגען אין דער לופטן
דער כאַרכלענדיקער קרעכץ פון מײַן פאָלק
דעם געפּרוּווטן
מיט אַלע מיתות,
דער קרעכץ, וואָס ער קוועלט
און עקבערט ביז הײַנט
דאָס האַרץ פון דער וועלט...

דאָס זענען זיי — פון שפּראַכן,
מינהגים,
זיטן,
אַ וויסטער ערב־רב, אַ משונהקער יריד;
זיי האָבן זיך אויף אַ האָר ניט געביטן,
זיי האָבן אַלע מערדער־פּאַסטעמקעס פאַרהיט; —
נאָר ווי קום איך אַהער צו, אין מיטן,
איך, איך, וועמען זיי האָבן ניט דערשניטן
אין יענער נאַכט פון גרויזאַם־בלוטיקן שניט?

מ'האָט דען געקאָנט מיך האַרבער באַשטראָפן,
אַפילו ווען איך אַ שטראָף וואָלט פאַרדינט,
ווי מיט דעם: פון פאַר טאָג ביזן לייגן זיך שלאָפן
אין איינעם צו זײַן מיט דעם מערדער־געזינד?...
מ'האָט דען געקאָנט עפּעס האַרבערס צוטראַכטן
ווי דאָס
אַז מיט זיי, וועמען פאַראַכטן
ביז ווייטיק איך טו מיט אַלע רמ"ח,
לעבן זאָל מוזן איך אונטער איין דאַך,
טאָג נאָך טאָג זייער שכנהשאַפט לײַדן,
זייערע בליקן ניט קאָנען אויסמײַדן,

אַט דאָ,

וווּ ס׳קאָן זײַן, אַז ס׳כאָוועט נאָך ווער

פאַרבאָרגן אין זיך, אַ חיהש באַגער,

דעם האַלדז מיר איבערצושנײַדן...

יאָ, דאָס זענען זיי דאָס פּרעכטיקע צירונג

פון מענטשלעכן מין,

די קרוין פון באַשאַף;

איך האָב זיי דערקענט פון דער ערשטער באַרירונג

און איך האָב באַלד מיך דערפילט ניט בקוו,

ווי דער נביא,

וועלכן אין גרוב מ׳האָט געוואָרפן,

אין לייבנגרוב צום חיהשן פרעס,

און קלאָר כ׳האָב געזען:

איך וועל אויסשטיין באַדאַרפן

אַ קאַמף אַ ניט-גלײַכן,

און נאָר דורך אַ נס,

אויב ווייך זײַן צו מיר וועט דער גורל

און גנעדיק,

בלײַבן וועל איך אומבאַשעדיקט...

## דער הער אָבערסט

כ׳האָב אין באַראַק צווישן רומפּולע מענער
איינעם, וואָס מיאוס דאָס לעבן מיר מאַכט;
מסתּם האָט ניט ווייניק ער אָנגעהאַקט שפּענער
אין דער מלחמה, וואָס מ׳האָט אים געבראַכט
אַהער צו, נאָך אין דער גרין-גראָער טראַכט,
הויכראַנג-קליידער געניי צוגעפּאַסטע
צו זײַן דראַסטיקער פעסטער פיגור...

אַ טויז פון דער ברוינער
— ריינראַסיקער קאַסטע
איז פון זײַן האָנאָר,
זײַן גאווה טעווטאָנער,
זײַן העלדנשטעל לאַנג ניט געבליבן קיין שפּור...

איך ווייס מיט וואָס דאָ אָטעמט איעדער,
וואָס אין זייערע ווידוים ס׳איז וואָר
און וואָס,
ווי אין הוט אַ פאַרביקע פעדער,
פּוצונג און אויסגעדמיונט איז נאָר...

איך ווייס וואָס ס׳האָט מיט פיל זיך פאַרלאָפן,
מיט דרך-המלך צי אין זיגזאַג
געגאַנגען ס׳איז ווער,
ביז אַהער אָנגעטראָפן
אין דעם פאַנאָפּטיק-פיגורן-באַראַק...

נאָר פאַרשלאָסן אין זיך איז ער איינער,
פאַרריגלט זײַן האַרץ מיט גרויליקן סוד,
ווי אָנגעוואַלגערט מיט שאַרבנס און ביינער,
באַוואַקסן מיט מאַכן אַ פינצטערער גראַט,

און ווי אין גראַט, ווו מיט פלעדערמײַז שווייבלט
און מיט קעלט און פוילונג ס׳פאַרשמעקט,
אַרײַנגײַין אין אים מיך עפּעס איבלט,
עפּעס שטויסט אָפּ און אַפילו מיך שרעקט...

זײַן פּנים פאַרגליווערט איז מומיע־שטייניק.
אונטער דעם זײַן געפיל ער פאַרהוילט.
ס׳גיט ניט אויס זײַן גיפטיקע מיינונג,
וואָס אין זײַן בלוט איז שלאַנגיש פאַרקנוילט.
אונטער דער מאַסקע אַכזריש קאַלטער,
מיט דעם שאַרף אָפּגעטעסעטן קין,
פון פאַרגוואַלטער
די מעשׂים באַהאַלט ער,
מיר אָבער קומען זיי שטענדיק אין זין...

האָט ניט ער די אויוונס דערפינדן ?
האָט פון קינדער די זײַד־דינע הויט
ניט ער מיט רוצחישע פינגער געשינדן
און טעשלעך געמאַכט פאַר דער אַרישער מויד
וואָס פון איר העלד זיך געבלאָזן אין גאווה ?

ניט ער אַ מיידל מיט האָר קוטשעראַווע
אין שטײַיג האָט געוואָרפן
צום אַף אויף באַהעפט,
און ס׳איז דערבײַ ער געשטאַנען טשיקאַווע
און דער גאָרילעס ווילדע געהאַווע
מיט לערנער־בקיאות פיקסירט אין העפט ?

ניט ער, וועמעס קול איז נודנע, זים־פּאַטיק
און פרום ווי בײַם פּאַסטער פאַרן אַלטאַר,
אין קיִעוו געטריבן האָט דורכן קרעשטשאַטיק

די טויזנטער ייִדן (ווי גרויס איז דער צער)
אין לעצטן וועג צום בלוטיקן יאָר...

און ער איז אַן אָבערסט אין ראַנג.
מגדל
אין פּרוסישן גייַסט האָט מען אים שטרענג.
ס'פּופּקי, ווי ס'זאָגט זיך,
שטאַמט ער פון אַדל,
און אָפט טאַקע רופט ער זיי אויף אין געפענג,
די ווייַט אָפּגעשיידטע משפּחה־פּאַנטאָמען,
און אויף די לאַנדסלייַט ער ווערט אויפגעבראַכט,
ווען זייַן געהויבענער ייִחוס־נאָמען
אויף די שטאַרקעפּ קיין רושם ניט מאַכט...

העפלעך איז זייַן האַלטונג מיט יעדן,
אַפילו, וואָלט איך געזאָגט, עלעגאַנט,
צירלעך־מאַנירלעך אין גאַנג, אין רעדן,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַ שפּראָץ פון געהויבענעם שטאַנד...

מיט ליבלעכן זשעסט טוט ער אָפּטרעטן
דעם וועג מיר בייַ דער טיר אַלע מאָל.
אָפּקלעמען זאָל איך אַ פּוס אים, בעטן
וועט ער גאָר פאַרצייַונג מיט שמייכעלע נעטן,
ווען ער איז גערן דעם שאַרבן מיר פּלעטן
ווי אַ פאַרצעלייַענע שאָל...

ער פאַרמאָגט, אַזוי הייסט עס בייַ לייַטן,
איידלקייט, טאַקט, פייַנגעפיל, מאָס,
נאָר אונטער דעם מאַנירלעכן הייַטל
שפּאַרט די צביעות אַרויס, דער אייַטל,
די פאַלשקייט זע איך פון דער ווייַטנס
און אויך אַן אַ פאַרגרעסער־גלאָז...

און מודה כ'בין זיך:
הער איך "גוטמאָיען"
אין אויער אַ קראַקע מיר טאָן ווי אַ ראָב,
ווילט זיך — איך שטיי קוים ביַי דעם נסיון —
ווי די געפאַנגענע זאָגן דאָ גראָב...
שענקען אין פּרצוף אים אַ טאַלאָפּ...

און ער ווינט מיט מיר
אויף איין נאַרע בשכנות,
און אַלע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין
ער לעזט אויפן אויער די לידער מיר היינעס,
כּדי צו געזווינען ביַי מיר אין חן...
ער קען זיי אַ סך אויף אויסנווייניק,
די „אינטערמעצאָס", פון „לידערבוך",
און איך זיַין פּנים מומיע־שטייניקס
און זיַין בליק אין דער פינצטערניש זוך...

ער איז עס, פרעג איך מיך, אָדער געביטן
אַ צווייטער מיט אים האָט זיַין פּלאַץ
לעבן מיר?
ער פליסטערט, און זיַין אָטעם צעגליטן
אויף מיַין צעגליטן אויער איך שפּיר...

איז ער עס? ביַי די געטלעכע פלאַמען
די צונג אָפּגעבריט האָט ער
און דאָס וואָרט?
הייסט עס אַז עס ווינען צוזאַמען
מלאך און טיַיוול אין אים — געפּאָרט?
ער איז פאַר מיר אַ שווערער קראָסוואָרד
צו וועלכן איך זוך די פּאַסיקע ווערטער,
נאָר צעשטעלן זיי אויף די ערטער —
וויפל איך פּליַים מיך, מיר ניט געראָט;

צו זײַן נשמה, פֿון שולד אַ באַשוווערטער,
היט ער וואַכזאַם דעם פֿינצטערן גראַט
כ׳זאָל ניט דערגיין צו זײַן גרימיקן סוד...
נאָר בײַ נאַכט, ווען אַ מידער, אין שליטה
פֿון שלאָף שווין איך ליג, מיט גלידער געשמידטע, —
כאַטש טראָגט מיך אין פּראָסטיקן דרויסן אַרויס, —
בײַ מיר, פֿון צוקאָפּנס, מײַן מוצאהלע פּיתּה
ער גנבעט אַוועק, ווי אַ סרחיקע מויז.
ס׳ליגט נאָך אין טעם אים,
געווירצט און געררייכערט,
דער שפּיק וואָס פֿון מויל אָפּגערויבט אומעטום,
ווו תּליות נאָך זיך געלאָזן — אַ זכר,
חורבות און קברים —
די טרעפּ צו זײַן רום...

און דאָ עסט ער פּישלעך, ווי טרוקענע ווערעם,
געקנייטשט איז געוואָרן זײַן מומיע־הויט,
אײַנגעטריקנט ווי זײַנע גערערעם
פֿון דעם האָבער און זויערן קרויט...
די נאָרונג פֿירט איבער זײַן איידעלן מאָגן,
ס׳גייט אים אַלצדינג צוריק און קאַפּוי׳ר...
און טאַקע —
ער טשאַדעט מיך אונטער, כ׳מוז זאָגן,
ווי דאָס צעקוואַקעטע הינדל — אַ טכויר...

און ווײַל איך טראַכט פֿון זײַן רוצחישער טבע
און ווײַל מיך שטיקט זײַן טכויר־געשטאַנק,
טו איך מיך אָפּט אין שלאָף אַ צערעווע,
גלײַך אויף דער ברוסט
וואָלט מיר ליגן אַ שלאַנג...

# דער לאַגער שלאָפּט

דער לאַגער שלאָפּט. בײַם פּלויט פון שטעכלדראָט
ווער גייט אַרום אַצינד מיט סודותפולן טראָט?

דער טויט, דער טויט, וואָס קען געניט זײַן פאַך,
זיך שלײַכט פאַרבײַ דער שלעפעריקער וואַך?

די פרײַהייט דען דאָרט וואָגלט אויפן ווינט,
טאַפּט דעם פּלויט און קיין אַרײַנגאַנג ניט געפינט
צו די וואָס רופן זי פון טיפסטן קלעם,
פון שוידערהייל, פון טרערנגרוב אַ־דעם?

צי דער חלום איז עס?
שאָרכלאָז, שטילערהייט,
אין לופטיק־פלאַטערדיקן אינו־נראה־קלייד
ער שוועבט אין דעם אַסירים־וווין אַרײַן,
ער הילט אַרום זיי מיט אַ סודותפולער שײַן,
וואָס מאַכט זיי נאָכגיביק און ווילנלאָז
און שוואַך, אָן ווידערשטאַנד,
ווי אין היפּנאָז,
ער גנבעט זיי אַרויס פון דאַנען
און פאַרטראָגט
(דער חלום איז אַ גנב דאַך, מע זאָגט)
און זעגלט זיי אַוועק אין אַ מעשׂהדיקן לאַנד,
ווו ס'איז דער מענטש ניט הפקר
און צו שאַנד,
ווו יושר בליט פאַר יעדן אומבאַשרענקט,
און אַלץ נאָך וואָס דער געפאַנגענער בענקט
און וואָס עס גאַרט זײַן פאַרשמאַכטער גײַסט,
דער חלום אים ווי אין אַ פילם באַווײַזט,
אַ פילם, וואָס ס'האָט אַ היציקער פאַנטאַסט

אין רגעס פון הויכער באַגײַסטערונג
פאַרפאַסט,
מיט צויבער פול, פול אומגעווײנלעכקייט,
אַז דער קאָפּ אַפילו אין חלום זיך פאַרדרייט
פון אַזוי פיל וװנדער,
פון אַזוי פיל בלענד...

אַזוי, אויך האַרטער נאַרע אָנגעלענט,
אין די שטילע נאַכט-שעהען איך קלער,
די קאַרגע רוּמינוטן איך פאַרצער,
ביז די אויגן-לעפּלעך ווערן בלײַיק שווער
און דאָס געדאַנקען-פּעדעמל
נעמט זיך שפּינען פויל,
רײַסט זיך אָפּ פון קנויל...

בעסער זיך אַנידערלייגן
מיטן פּנים צו דער וואַנט
און ווידמען זיך
דעם אומרויִקן שלאָף פון אַרעסטאַנט,
אפשר וועט דער חלום קומען אויך צו מיר
און אין חלום-לאַנד וועט טאָן מיך אַ פאַרפיר,
אין חלומדיקן, מעשׂהדיקן לאַנד,
ווו ס׳איז דער מענטש ניט הפקר,
ניט צו שאַנד,
ווו יושר בליט — —

# כאָטש פאַרמאָרעט כ׳בין...

כאָטש פאַרמאָרעט כ׳בין פון האָרעוואַניע,
ווי אַן עבד פּנעני,
אַ קנעכט,
קומט ניט דער שלאָף צו מיר אין די נעכט,
קומט ער ניט מיט זײַן לעבלעכער וועל,
שפּילעוודיק, זאַכט פאַרשוועניקען
מײַן אומרויִק-צעטראָגענע זעל,
וואָס הערט ניט אויף קוועלן זיך,
פלאָגן זיך,
בענקען...

# זי איז אַזוי נאָענט, די וועלט

ווי סמאַלע פּעטער, קלעפּיקער שטאָף
די חשכות האָט אָנגעפּילט דעם אין־סוף,
פון ראַנד ביז ראַנד
פאַרדעקט אַלע זאַכן,
אויסגעגלײַכט די שפּיציקייטן
מיט די פלאַכן,
פאַרמעקט פון אַרומיקע בערג די קאָנטורן
און אין קדמונים־וואַלד די שפּורן
פון ציגעלע פלינקפיסיקן
וואָס פאַר דעם וואַלדישן שאָרכן
זיך שרעקט,
און צווישן די קוסטעס, דערנער,
האָט זיך עס איינגענורעט,
פאַרשטעקט
דאָס קעפּל מיט די קורצע הערנער.

אָפּגעווישט האָט די חשכות דעם פּלויט,
דעם פּלויט וואָס מיר האָבן אַליין אים געבויט,
ווי, ניט איצטער געדאַכט,
די קברים וואָס ס׳האָבן
אומגליקלעכע ייִדן אַליין זיך געגראָבן,
און כ׳האָב מיך פאַרמויערט
און כ׳האָב מיך פאַרשטעלט,
אָפּגעשיידט זיך פון דער גרויסער וועלט,
זיך אָפּגעשניטן פון לעבן.

די וועלט,
זי איז אַזוי נאָענט, דערנעבן,

מיין דמיון זי רייצט,
מייַנע הייסטע פאַרלאַנגען,
זי מאַניעט מיך, לאָקט פון יענער זייַט צוים,
נאָר ס'האַלט מיך די קייט,
ווי דער וואָרצל דעם בוים,
און כ'קען צו איר ניט דערלאַנגען.

✡

דאָס האַרץ וויל ניט פאַרגעבן
פאַר דעם צעטראָטענעם לעבן,
שענקען וויל עס ניט,
שלום ניט מאַכן;
דאָס האַרץ פרעגט אָפּ
די שרעקלעכע זאַכן
פון וועלכע דער מענטש
זיך באַשיצן ניט קען.
טענהט עס,
שרייַט עס,
טוט פאַרצווייפלט זיך וואַרפן.
וועט קיינער קיין חשבון
ניט אָפּגעבן דען?
פאַרענטפערן דען
ניט באַדאַרפן?..

# און דאָך וואַרט איך

דעם וויפלסטן פרילינג
וועלקט מײַן חלום אָן אַ דערפילונג.

דעם וויפלסטן זומער
ברענט מײַן רוקן דער נומער
פון אַרעסטאַנט,
שמאַרצט מיך, מאַכט מיך האָרבאַטע
די שענדלעכע לאַטע
מיט וואָס מיך באַלוינט ס'האָט דאָס לאַנד
וואָס צו דעם כ'בין פון גרוב
צי פון תּליה,
פון דעמערוועלט געלאָפן אין שרעק
און ניט געטראַכט אַז ווי אויף אַ קריע
וועט מיך דער ווירבל אַהער צו פאַרציִען,
אַרויסוואַרפן אויף אַט דעם פּוריעס־ברעג.

דעם וויפלסטן ווינטער
לײַד איך פון שטראָף ניט־פאַרדינטער
און כ'זע ניט קיין סימן פון גנאָד,
קיין דורכלויכט אין פּעכיקן חושך
און אומזיסט,
אין שטילקייט, בסוד,
צו דער גאולה פיבעריק לויש איך
(שפּאָטיש דער שׂטן צוקאָפּנס דאָך לאַכט), —
פון יענער זײַט צוים
און פון יענער זײַט נאַכט
קומט ניט קיין ליכטיקע בשׂורה צו שוועבן
ווי אַ טויב, צי אַ מעווע שניי־ווײַס, —
און דאָך וואַרט איך, האָף איך, טו שטרעבן,
מיט גלויבן דאָס האַרץ פאַרשמאַכטע איך שפּײַז:
אויפגעריכט מוז נאָך ווערן מײַן לעבן...

# איך רוף דעם אויסלייז־ווונדער

ווי אַ בין אין שפּינעננעץ
געפאַנגען זומעט,
צום זיסן פּעקל גאָלד
דעם פולן קויבער
לאָזט ניט צו דעם רויבער,
ראַנגל איך מיך אין דער נעץ
פון אומעט,
אַן אַרומגעשפּינטער...
אויפן טיש דער טינטער
עכאָט אָפּ דעם שטילן זום
פון מײַנע בלאָס־פאַרשמאַכטע ליפּן,
וואָס רופן, ווי אין תּפילה,
אויסצוקניפּן,
קומען עמעץ זאָל פון פלאָנטער,
עמעצער אַן אויסגעבענקטער,
עמעצער אַ נאָנטער,
וואָס אין חלום נאָר איך כ׳האָב
געזען דערוויַיל, מײַן רעטער...

אין באַראַק וואָס פול איז מיטן כראָפּ
און מיטן קרעכץ
פון די אַסירים אויף די נאַרעברעטער,
איך איינער בין איצט וואַך,
און אין יעדן וואָרט באַזונדער,
מיט אַלע אויסגעמאַטערטע רמ״ח,
איך רוף דעם אויסלייז־ווונדער.

*

ערגעץ נאָענט, אין אַ זײַט, דערנעבן,
גײט פֿאַרבײַ אַ פֿײַערלעכס דאָס לעבן,
גלײַכגילטיק צו דעם פֿלויט,
צום שטעכלדראָט,
גלײַכגילטיק אויך צו אונדז, װעמען מע האָט
װי קרעציקע פֿון מחנה אָפּגעזונדערט,
װי אויבסטן פֿוילע
װאָס מע װאַרפֿט אין ראָװ אַרויס...
און איר, מײַנע טײַערע, זיך װוּנדערט
װאָס איך צאָרן, װאָס איך ברויז,
װאָס איך שעלט דעם שטראָפֿער
גרויזאַם-בייזן
װײַל ער האָט באַשרענקט מײַן װעלט,
מיר די טיר צו איר פֿאַרשטעלט,
ניט געלאָזט קיין טרייסט מיר
(פֿרוּװ, ניט שעלט!)
אַז ס׳קאָן קומען עמעץ דיך דערלייזן...

# מיקיטע, מיקיטע

מיך לאָזט קיין רגע ניט אָפּ דער געדאַנק
אַז דאָס העמד אויף מײַן שכן
(מיקיטע, מיקיטע),
וואָס מיט מיר. דאָס יאָר שוין דאָס דריטע
שלאָפט בײַנאַנד אויף איין האַרטער באַנק,
איז פון אַ טלית גענייט
פון אַ וואָלענעם, נײַעם,
וואָס פון אַ קדוש-פּלייצע
אַראָפּגעריסן ער האָט.

מיקיטע, מיקיטע... ער איז אַ ירא-שמים.
מתפלל איז דרײַ מאָל אין טאָג ער צו גאָט
און אַ צלמל טראָגט ער אַ גראָשנדיקס, בלעכנס,
און ס׳קישן ער צלמט בײַ נאַכט פאַרן שלאָף,
ניט חלומען זאָלן זיך אים די פאַרברעכנס
פאַר וועלכע ער קומט איצט אָפּ דאָ זײַן שטראָף.

אויף ווינרוים זײַנעם פון האָלבן מעטער,
צווישן מיר און אַ צווייטן צונויפגעפּרעסט,
שלאָפט ער טאַקע ווי אַ שטיינהאַקער פעסט,
און מיך,
אויף די האַרט-ניט-געהובלטע ברעטער
פּלאָגט איין געדאַנק
און קיין שלאָף מיך ניט נעמט:
אויפגעניצט ס׳איז פון אַ טלית דאָס העמד
אויפן לײַב פון מײַן שכן דעם פרומען,
און מײַן האַרץ טוט אין גרימצאָרן ברומען,
שרײַט,
כאָטש דאָס מויל איז פאַרשטשעמט
אין ווייטיק, אין גרויסן צערודער:
קין,
וואָס האָסטו געטאָן מיט דײַן ברודער?..

# כ׳שיק דעם גורל אַ לויב

כ׳שיק דעם גורל נאָך אַ לויב —
וואָס אין שלאָפלאָזע בײַנאַכטן,
ווען מיט גוף מיט אָפּגעשוואַכטן
כ׳ליג אויף ברודנעם דיל,
אין שטויב,
קאָן איך זעען דיך מײַן טויב,
קאָן איך דײַנע איידעלע שטריכן
ווי אין חלום ווונדערליכן
מאַכן קלאָר, מאַכן זיכטיק,
און עס ווערט אַ ווײַל מיר ליכטיק
און דער פראָסט גייט אָפּ פון הארצנס שויב.
כ׳שיק דעם גורל נאָך אַ לויב —
וואָס דו ביסט ערגעץ פאַראַנען,
ערגעץ, זייער ווײַט, פון וואַנען
זיך צו מיר אין טרײַשאַפט ציסט,
וואָס פולקאָמער נאָך דו ביסט
מיט דײַן ליבשאַפט,
מיט דײַן צאַרטקייט,
מיט דײַן שטאָלץ
און אײַנגעשפּאַרטקייט,
מיט דער שײַן וואָס פון נשמה פליסט.

כ׳שיק דעם גורל נאָך אַ לויב —
וואָס איך דאַרף ניט איבערטראַכטן
אין די שלאָפלאָזע בײַנאַכטן,

ווען איך ליג אויף ברודנעם דיל
אין שטויב,
וואָס איך טרוי דיר, וואָס איך גלויב,
וואָס פאַרדאַכטן מיך ניט פלאָגן,
מיר דאָס האַרץ ניט פרעסן, נאָגן
ווי דעם עפּלבוים די רויפּ —
אויך דערפאַר —
דעם גורל כ׳שיק אַ לויב...

## טרוימערײַ

און אויב עס וועט דאָס גליק מיר זײַן באַשערט
און ס'וועט די פרײַהייט מיר ווערן אומגעקערט
(טרעפן זיך קיין נסים דען ניט אויף דער ערד?),
אין אַ העלן טאָג זאָל ער געשען, דער נס,
ווען אין שמעקנדיקן העמדל ס'טוט זיך אָן
דער בעז,
זאָל דעמאָלט זײַן פון פרידן און פון ליכט
דורכגעשטראַלט די וועלט
ווי פון ליבשאַפט מײַן געדיכט
וואָס איך פאַרפאַס ניט,
עס שיסט פון מיר אַרויס
ווי פון קנאָספּן־בעכער די סאַמעט־צאַרטע רויז
פאַרפּישופט פונעם ערשטן שטראַלבאַריר.

ניט מערקווערדיק? אין שנייִקן סיביר
ווו ס'איז די לופט אַ שנײַדיקע ווי גלאָז,
און ווי מײַן ווייטיק ברייִענדיק
און שאַרף ווי מײַן פאַרדראָס —
צו זינגען וועגן פרילינג?
דאָס קאָן נאָר אַ פּאָעט
וואָס איז פאַריאָגט אַהער צו פּאַר אַ חטא,
אַ חטא, אַ חטא וואָס איז אַ בילבול נאָר,
ניט אויף אים אַליין — אויף זײַן גאַנצן דור
וואָס אין פאַריאָגטקייט שמאַכט,
און ס'איז קיין טרייסט ניטאָ
אַז קומען קען אַ מאָל אַן אויסלייז־שעה...

נאָר איין רעטונג איז געבליבן מיר:
דער טרוים...

ס'האָט צו אים דער געוועלטער ניט
קיין צוים...
און אין טרוים איך בוי מיר אויס אַ בריק
וואָס אַהיים מיך ברענגען וועט צוריק
אין מײַן נעסט פאַרלוירענער.
ס'מוז דאָך סוף־כּל־סוף
זיך אַ מאָל פאַרענדיקן די שטראָף...
איז אויב מקוים ווערן ס'וועט דער טרוים,
זאָל דאָס זײַן אין פרילינג, ווען אין רוים
בושלען שוועבן אום פון גרויסן אינדערפרי,
ווען די וועלט וועט שטיין אין יום־טובדיקן בלי
דורכגעשטראַלט פון פרידן און פון ליכט,
וויל איך דעם שמייכל אויף דײַן צאַרט געזיכט
געפינען ניט פאַרביטן,
דעם חן — ניט אויסגעוועפּט
פון אַלץ וואָס דו וועסט האָבן דורכגעלעבט,
און ווען כ'וועל מײַנע הענט,
פון שווערער מי פאַרגרעבט,
אָנטאָן אויף דײַן מיידלש־דינעם קערפּער
ווי אַ רונג —
זאָל איך קרעפּטיק פילן זיך און יונג,
און געפינען כ'זאָל אין האַרץ דעם גלײַכגעוויכט
און די קראַפט פאַר הויכער שעפערישער פליכט,
און געפינען כ'זאָל דעם מוט
אויף אָנהייבן באַנײַען
דעם וווּנדערלעכן גאַנג
אין לעבנס פּישוף־קרײַז,
אין אומגעשטילטן זוכעניש פון גליק —
אויב איך וועל אַ מאָל זיך אומקערן צוריק...

# די פאַרפרוירענע שיף

צוגעשטופּט פון שטורעמווינט צום ברעג
פון דער גרויסער וועלט, ווי פאַרלאָרן,
שטייט אַ שיף אין בוכטע,
ביזן דעק
מיט דיקן שיכט פון אײַז אַרומגעפראָרן...

זי שטייט
ווי אונטער גלאָז אַ גיפּסמאַקעט,
און אויפן דעק, אַריבער די פאַרענטשן,
פאַרקוקן זיך צום האָריזאָנט
מע זעט
פון לאַנג שוין ניט
קיין לעבעדיקן מענטשן.

נאָר אינעווייניק, אין קאַיוטע,
איין אַליין,
ביי דעם פאַרטונקלטן אילומינאַטער,
בײַסנדיק די לולקע מיט די שאַרפע ציין
זיצט דער קאַפּיטאַן אין פיבער־פלאַטער.

און פאַרמלויט פון איינזאַמקייט, אים דאַכט
אַז ער הערט דאָס שרײַען און געלענדער
פון אַ סטײַע גענדז
וואָס קערט זיך אום פאַרשמאַכט
פון ווײַטע, כּישופדיקע טראָפּיקלענדער...

און ס'דאַכט זיך אים אַז דער אַפּריל גייט אום
און דאָס אײַז צערײַסט ער
ווי פערגאַמענט,

און מיט בײַטשנדיקע עקן און געברום
וואַרפֿן זיך די כוואַליעס
ווי די ים־הינט...

און דער פֿויגל ווילדער איבער זיי,
צווישן פֿליגל טראָגנדיק זײַן קערפּער פֿעסטן
האָט זיך אױפֿגעהויבן מיט אַ פֿריידגעשריי --
מיט דער אומגעצוימטער סטיכיע
זיך מעסטן...

און ס'טוט אַ הודע אין זײַן ברוסט
דאָס בלוט,
גלײַך דערהערט טאַקע פֿון ים דאָס ברומען,
גלײַך גרייטן זיך
צו אַ ליכטיקן מאַרשרוט
ווערט ער מאָרגן דעם באַפֿעל באַקומען,

און אויפֿן הויכן, שלאַנקן מאַסטנבוים
מיט זײַן פֿריילעך פֿלאַטערדיקן סימן,
פֿון דער טויטער בוכטע
צו זײַן טרוים
וועט ער קענען
ענדלעך
ווידער שווימען...

## מיטן פּנים צו דער וואַנט

מיטן פּנים צו דער וואַנט — איך פֿאַנטאַזיר.
איך קער מיך אום צו דיר
פֿון דאַנען, פֿון סיביר
נאָך יאָרן וואָגל־וואַנדל,
איך דמיון צו דער טרעפונג אויס „מיזאַנסן" פּיל
און פֿאַרכאַפּט אַליין איך ווער פֿון דמיון־שפּיל,
ווו מײַן חלום איך אין וואָר פֿאַרוואַנדל...

און אַט: מיך טראָגט דאָס סאַפּענדיקע באַנדל
דורך מײַן קאַנט אין שיכּורן צעבלי.
גאָרנישט זיך געביטן האָט דאָ הי.
דערפֿלעך, בושלנעסטן אויף די קוימענדלעך,
ס'איז פֿרי.
דאָס ווינטל דודעט בײַ מײַן שויב טרי־לי
די דוינע מיר באַקאַנטע פֿונעם וויגל...

אַט רוקט זיך אָפּ דער גרינער סאַמעט־היגל
און ווי דורך אַ נעפּלדיקן גאָלדגעוואַנט,
איך דערזע מײַן שטאָט ווי אויף דער האַנט
אויפֿגעטויכט ווי פֿון אַ כּישוף־שפּיגל.

איין רגע נאָך, איין קורצע,
און אַט שלײַכט
די באַן זיך צו צו דעם וואָקזאַל גערוימען,
צו מײַן שטאָט פֿון וועלכער כ'הער ניט אויף
צו טרוימען,
ווײַל דו געפֿינסט זיך דאָרט
און ווײַל דו מוזסט
אַזוי פֿיל אויסשטיין זינט איך בין פֿאַרשוווּנדן,
און אַלץ מיט וואָס דו לעבסט

און וואָס דו טוסט
מסירת-נפש איז, דעם גורל מיר צו לינדן.

אָט גיי אין טאַמבור איך אַרויס, מיט האַסט
די טיר פונעם וואַגאָן צעפּראַל איך
און פלינק איך שפּרינג אַראָפּ, ווי אַ גימנאַסט —
צו מײַן ברוסט דיך צודריקן, מײַן מלאך...
און פאַרוווּנדערטע די פרויען אין קופּע
וואָס דורכגעמאַכט דעם וועג מיט מיר צוזאַמען
און זיי צעשטרײַט מיט לידער
וואָס בעל-פּה
געלייענט כ'האָב פון היינען, לי-טײַ-פּע —
זיי טראַכטן זיך:
קוקט אָן זײַן ייִנגלש פלאַמען,
נאָר בײַ פאַרליבטע אָט אַזוי זיך טוט
די נשמה פון געפילן אַ פאַרכלינע,
און צו דער פרוי וואָס ליכטיקט אויס אין בלוט
פון מאַן אַזאַ מין העלן פרילינג, אַזאַ גלוט,
נעמט זיי אָן געוויס אַ מילדע קינאה...

נאָר ווו איז זי? איך זע זי ניט.
פאַר וואָס?
דורך דער מענטשן-מענגע דער פאַרגאַפטער
זי וואָלט זיך דאָך געטאָן צו מיר אַ לאָז,
ווי אין שווימפאַרמעסט, מיט ברייטע קלאַפּטער,
זי וואָלט זיך אומגעדולדיק,
מיט האַזאַרט,
דורכגעשטופּט מיט אַקסעלעך און אָרעמס
און צוגעפאַלן אין אָנמאַכט און פאַרשטאַרט,
מײַן פלאַטערל, מײַן אויסגעמאַטערט אָרעמס.

צום האַרץ גייט צו, ווי אײַז, אַ קאַלטער קנויל,
אָן אומרו דרייט ביז ווייטיק זײַנע שרויפן

אַרײַן אין מיר, כאַטש טו זיך אַ צעהויל,
צי לאָז זיך ווי פון זינען לויפן...

ניין, דער אומרו קומט ניט פון חשד,
ניט האַרבע שרעק נאָגט מײַן צעפּײַניקט וועזן,
אַז זי האָט מיך פאַרגעסן —
ווען איך וואָלט געהאַט
אַזאַ געדאַנק, כ'וואָלט זי ניט ווערט געוועזן...
נאָר באַטראַכטן ניכטער אַלץ, כ'בין ניט אימשטאַנד.
מיך פּלאָגט, מיך עקבערט דאָס ניט-וויסן...
קער איך אָפּ מיך מיטן פּנים צו דער וואַנט
(פונעם פּאָדערגרונט צו די קוליסן)
און כ'לאָז אַראָפּ מיך אויף מײַן זאַק
(דעם בוטאַפּאָר
מוז קלאָר זײַן און דעם רעקוויזיטאָר,
אַז דער זאַק אַ טייל איז פון דער „העלסטער וואָר",
מיט אים זיך טראָגט אַרום אַ גאַנצער דור
אויף אַלע וועגן פון דעם לאַנד, וואָס וויפל יאָר
פאַרקלעמט איז עס אין צוואַנג
פון די גוואַלד-געביטער).

איך הער ניט וואָס פון הויכרײדער עס רופט
אַ פרויען-קול, אַ גרילציק-בלעכנס,
און עס צעשיט זיך, צעשפליטערט אין דער לופט
מיט טויבע, אָפּגעהאַקטע עכאָס...
איך זע ניט ווי דער עולם פון פאָראַן
כלינעט אָפּ מיד-מאַט פון דער נסיעה...
אויף מײַן זאַק, אין טראַכטונגען פאַרטאָן,
איך איינער זיץ ווי אויף אַ קריעה...

פּלוצעם כ'זע,
אַ יונג פון דער מיליץ

מיט מאַרשאַלשטעל מיט תקיפשן, אַלמעכטיק,
מיט בליק ווי אַ קינזשאַל טוט מיך אַ שמיץ
דורכדרינגענדיק, אַזש מיך באַשלאָגט אַ היץ —
ניט אַנדערש, כ'זע אים אויס פאַרדעכטיק...

מיך מסרט פון מײַן פּנים דען — איך טראַכט —
דאָס קומערפולע, לײַדנדיקע צוקן?
דערוועקט דער שפּור האָט זײַן פאַרדאַכט
פון לאַטע מיטן נומער אויף מײַן רוקן?
איך פיל:

ער וועט באַלד טאָן צו מיר אַ שפּאַן,
באַגריסן מיך מיט פינגער צוויי בײַם דאַשעק
און נעמען פאַרשן:

ווער און וואָס, פון וואַן?
האָפנדיק אויף גאָר אַ גרויסער איבעררײַשונג...
אים ניט געפעלן וועט מײַן „פּאַס" געוויס
און מײַן פאַרוואָגלט זיצן אויפן באַנהויף,
וואָס זשע זיצסטו, זאָג איך מיר,

הייב פיס,

איידער ער וועט ווי אַ היימלאָזן, אַ גנב,
דיך אין צירקל אָפּפירן, דאָס איז
ניט פון די געהויבנסטע האָטעלן, בנאמנות,
געדענקסטו ווי ס'איז באַגאַנגען זיך מיט דיר פּאַריז,
ווען אַרויס אין גאַס ביסטו מיט די פּאָלקס-קאָלאָנעס?..

געדענקסטו ווי ס'האָט זיך ווין,

די וואַלסנשטאָט,

באַגאַנגען, ווען דו האָסט געהאַט די העזה
זיך אײַנצושליסן צו להכעיס דעם פאַרבאָט
אין הונגערמאַרש פון אירע אַרבעטסלאָזע?..

דער אַנשטאַלט איז דיר צו גוט באַקאַנט,
די גוואַלד איין פּנים האָט
אויף גאַרן מענטשן־קוגל...

הייב איך אויף זיך מיטן זאַק אין האַנט
ווי מיט עפּעס אַ געפּערלעך שמוגל,
די שווערע טיר איך טו אַ שטופּ מיט קראַפט
און מיט אַ מאָל — די דעקאָראַציעס זיך בײַטן.
כ׳בלײַב שטיין פאַרחידושט און פאַרגאַפט.
אַ ליבע וואַרעמקייט שווימט אָן
פון אַלע זײַטן
ווי כ׳טרעט אַריבער נאָר די שוועל,
אַ שפּילעוודיקע און צעברויזטע וועל
נעמט מיך אַרום,
זי שמעקט מיט קאָרנברויט און עפּל,
אַז דאָס העמד אויף זיך כ׳טו אַ צעקנעפּל,
ווויל־יונגיש כ׳טו עס אַ צעכראַסט...

אָ, שטאָט פון מײַנע קינדער־יאָרן,
אַן פאָרוווּרף ביטערן נעם אויף דײַן גאַסט.
כ׳האָב עפּעס ערגעץ אויף מײַן וועג פאַרפאַסט
און ניט אַהין, וווּהין געוואָלט, פאַרפאָרן...
— — —
אַזוי, אַן שלאָף, מיטן פּנים צו דער וואַנט
ליג איך אָפט מאָל אויף די ברעטער האַרטע,
און אָט אין איין,
אָט אין אַ צווייטן וואַריאַנט
„מיזאַנסן״ חלום אויס איך אומדערוואַרטע

צו מײַן באַגעגעניש מיט דיר,
זי װעט
זי מוז געשען, כ׳בין זיכער, אין סך־הכּל.
איך זע זי פּאָר, װי אַ רעזשיסער שױן זעט
אױך אין פֿראָלאָג, װאָס ער אים שמעלצט און קנעט,
דעם פֿינאַל, דעם אומגעריכטן,
פֿון ספּעקטאַקל...

# נאָר דו

פון אַלע חלומות, שטרעבונגען, צילן
וואָס מיך האַרטנעקיק געמאַכט, און מײַן ווילן
פאַרהאַרטעט ווי שטאָל,
פון אַלע קוואַלן פון וועלכע געטרונקען,
אַז איך זאָל ניט שטרויכלען,
ניט פאַלן,
ניט זינקען
אונטערן עול,
פון שײנקייטן אַלע וואָס האָבן אַנומלט
געלאָקט מיך, דאָס פילבאַרע האַרץ מײַנס צעטומלט,
צעשויבערט מײַן רו,
פון אַלע חכמות, ס׳מיט אײפער געקליבן
פאַר דער נשמה,
ביסטו מיר געבליבן,
נאָר דו.

# אָפּט מאָל דאַכט

אָפּט מאָל דאַכט זיך,
בײַ מײַן זײַט
גייסט מיר נאָך אַ מיידלש דינע,
דורך דער פּראַסטיקער מדינה
אויסגעווײַסטער ווי מיט קרײַד.
שטילערהייט, ווי אין אַ צויבער
גייסט מיר נאָך אין שניי־געשטויבער,
אין דעם פּראָסטיקן טומאַן,
זהעלפסט מיר וואַלגערן די יעלן,
ס'אַקסעלע מיר אונטערשטעלן
טוסט אונטער די באַנוועג־שוועלן
(דאַ וועט דאָך אַ בלויע באַן
לויפן העט, צום אָקעאַן,
אין פאַרוועט מיט ווײַסן שטורעם)
און ווען מאַכטלאָז, אין יסורים,
כ'פאַל אונטער דער לאַסט אַוועק,
טוסט מיט זיך מיך אַ פאַרדעק,
ווי וואָלסט מיט דײַן לײַב מיך וועלן
פונעם ווײַסן טויט פאַרשטעלן
וואָס צוקאָפּנס שנאַרכט און קראַכט...

יאָ, מיר דאַכט זיך אָפּט, מיר דאַכט:
כ'פיל דײַן אָטעם אויף מײַן שטערן,
ער גייט אַרײַן אין מיר ווי טל
לבנה־מילכיק, אין באָקאָל
פון קראַנקער רויז, און אַלץ נעמט יערן,
רוישן אין מײַן בלוט ווי אין דער מושלשאָל.
ס'וואַכט אויף דער עקשן פון אַ מאָל,
די גלוסטן וואָס אין מיר געדרימלט,

און אַ בלויע זיך צעהימלט
איבער מיר די נאַקעט-גליוועדיקע נאַכט...

כ׳האָב געזאָגט אַז מיר זיך דאַכט?
ניין, דו ביסט מיט מיר דערנעבן,
איינציקע מײַנע, טײַערע מײַנע,
מײַן טרייסט,
וואָס צו מיר פון גורל צוגעשוויסט
ביסט אויפן גאַנצן לעבן...

## דאָ, צווישן די ווענט

דאָ, צווישן די ווענט פון תּפיסה־מויער,
ווו אין יעדן קעמערל מיר טרויער
הויכט אַרײַן די נאַכט,
כאָטש גיי אַראָפּ פון זינען, —
איז פּלוצעם זי פאַר מיר דערשינען,
זי, מיט געננעלע
און שמייכל מיידלש־זשוואַוון,
די געטין מײַנע,
צו וועמען כ׳בעט און דאַוון
מײַן ווערטערלאָזע, שטילע,
מן המיצר־תּפילה.

פאַר מײַן פענצטער האָט זי לײַכט,
ווי שווימענדיק, זיך דורכגעשלײַכט
(אַזוי ווי ס׳קאָן אין דמיון נאָר
זיך מאַכן)
און גענומען כ׳האָב פון מײַן
פאַרגליווערטקייט דערוואַכן
און צו דער וועלט דערפילט אַ גוסט,
און דאָס האַרץ צעטאַנצט זיך האָט אין ברוסט,
גלײַך דורך אַלע ציין דערהערט זי לאַכן,
גלײַך פון רעגן־בויגן וואָס ער האָט
זיך ניט באַוויזן נאָך,
נאָר מיר אים שפּירן,
אָנען שוין די פולע גאַמע פון קאָלירן
וואָס וועלן טאָן אַ פישוף אין דער שעה
פון גנאָד, —
האָט זיך מיר אַנטפּלעקט בסוד
אין טרײַשאַפטבליק אין אירן...

## אַ בריוו

נעם איך אין האַנט דעם בלייַער
(דאָס קומט מיר דאָ אָן ניט גרינג)
באַשרייַבן כ'זאָל דיר אָן אַ שלייער,
אין פּשוטע ווערטער, אַלצדינג
וואָס אויסגעפּרוווט כ'האָב, דערפאַרן,
פון זינט דער גורל מיך האָט
אויסגעליפערט צו פּייַן, צו געפאַרן,
און אַהער, אָן מינדסטן גנאָד,
אַהער, ווו פון טרערן דאָס טאָל איז,
פאַרשיקט מיך
אין גרוב אָ־דעם,
ווו איך מייַן צען־יאָריקן גלות
פּראַווע — אַ בן בלי שם...

נעם איך דעם בלייַ אין די פינגער
און זעץ מיך צום טיש שטילערהייט,
אויף דער ליפּ פון דייַן זינגער
קומען די צאַרטעסטע רייד,
שפּאַרן אַרויף פון די טיפן
גלייַך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט,
אין זויבערער בענקשאַפט געשליפן,
אין בענקשאַפט באַהעפט און געפּאַרט,
און אין ליד זיך פאַרוועבן,
אַ ליד — אַ צויבער־געהעפט.
קלער איך פון דיר, מייַן לעבן,
אַזוי מיט מיר תמיד זיך טרעפט...

נעם איך דעם בלייַ און צעוויקל
ס'פּאַפּיר, און אָן אות נאָך אָן אות

אויף גיך איך מיט פיבער
אויסציקל
(אָ, פון מײַן ליבשאַפט די מאָס
איז דאָ געוואָרן נאָך גרעסער
צום יִדיש-געציקלטן כּתב
וואָס דאָ, אונטער זיבן שלעסער,
בגנבה איך שרײַב, אין געלאַף)
קומט מיר די פּאָעמע אין זינען,
„אַ בריוו",
וואָס פון גלות-לאַנד —
פיר הונדערט יאָר שוין דערינען —
ס'האָט אַ דיכטער פון הויכן שטאַנד
געשריבן דער פרוי וואָס באַוווּנדערט,
וואָס ליב אים געווען אָן אַ שיעור,
נאָר דער גורל אים אָפּגעזונדערט
האָט אויף אייביק פון איר...

ער איז קעניג געווען
און די קרוין אים
אָנגעטאָן מ'האָט פון אמתן גאָלד,
און געקעניגט וואָלט ער ביז שמונים —
נאָר ער האָט די קרוין ניט געוואָלט,
צום קעניגן זיך אויסגעקליבן
ער פון דיכטונג דאָס קעניגרײַך האָט —
דערפאַר פון זײַן לאַנד פאַרטריבן
מ'האָט אים צו גלות, צו שפּאָט...

באַבור איז דער נאָמען דעם קעניגס.
דעם קעניג געדענקט מען שוין ניט,
דער דיכטער לעבט אויף
ווי דער פעניקס

דורך זײַן װוּנדערלעך ליד...
דאָס ליד
װאָס פֿון גלות־לאַנד װײַטן
מיט דער טױבנפּאָסט ער געשיקט,
און ס׳איז ביז אונדזערע צײַטן
דערפֿלױגן,
און רעגט און אַנטציקט
מיט טענות צום גורל גערעכטע
(זײ קלינגען הײַנטצײַטיק גראָד)
צו פֿאַרשװעכערס,
און צו פֿאַרשװעכטע,
און צו דער מומיע —
גאָט...
צו װעלט װאָס נאָך ניט פֿולקאָם איז,
פֿול ליגן, חניפֿה, פֿאַרראַט;
לײענענדיק אים, — די נשמות
געפֿלאַטערט אין אונדז װי אַ בלאַט...

כאָטש כ׳בין ניט קײן קעניג בײַ ייִדן
און װי אַ דיכטער װײניק באַװוּסט,
די זעלביקע טענות זידן,
װי לאַװע, אױך אין מײַן ברוסט,
די זעלבע קריװדע צום לעבן,
װאָס באַטראָגן מיך װי אַ קינד,
און צו פּײַן מיך איבערגעגעבן,
איך װײס ניט פֿאַר װעלכע זינד.

נאָר ער האָט די קרױן אָנגעװױרן,
דעם טראָן
װאָס געװען איז אים מיאוס,
איך האָב עפּעס מער פֿאַרלױרן,
דו װײסט ניט אַפֿילו געװיס...

אים איז כאָטש געבליבן זײַן כּלי
און אין אַ צאַרטער גאַזעל,
ווי מע שרײַבט אויף אַ זײַד־פּאַטשיילע
אַ ווייך און וואַרעם געמעל,
האָט ער זײַן בענקשאַפט צעשריבן
צו פרוי,
צו פאָלק,
צו זײַן ערד,
און מיר וואָס טאָן איז געבליבן
אַז מיר איז דאָס שטרענג פאַרווערט?

שרײַב איך בגנבה דאָס בריוול,
ניט כאַפּן זאָל מיך בײַ דער האַנט
דער באַזויפּענער אַף אין די שטיוול,
וואָס גדלותדיק־פרעך דאָ ער שפּאַנט,
ווי ער וואָלט דאָ זײַן דער קיסר,
דער שופט,
די העכסטע מאַכט,
און מיט איבערגעטריבענעם פלײַס ער
איבער אונדז זיך לוסטיק דאָ מאַכט.

און איצט, אַז דיר קלאָר איז די סיבה,
ווּעסטו מיך ניט מישפּטן שטרענג,
ניט בייז זײַן אויף מיר, מײַן ליבע,
פאַר וואָס איך די שורות באַשרענק,
כאָטש ס׳שפּאַרן אַרויף פון די טיפן
גליַיך אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט,
אין זויבערער בענקשאַפט געשליפן,
אין בענקשאַפט
באַהעפט און געפּאָרט...

## דו מיינסט?

דו מיינסט, אַז אַן זון און אַן פרײַהייט
ליגט די נשמה אין גליווער פאַרטײַעט?

דו מיינסט, אַז טאָמער
איז מײַן טרוים דאָ ניט גילטיק
בין צו דער וועלט איך דער גראָמער,
צום לעבן געוואָרן גלײַכגילטיק,
און מײַן טרוים איך וועב ניט,
און צו פרייד איך שטרעב ניט,
אַז גאָרניט דאַרף איך ניט מער,
און ווי אין בערלאָגע אַ בער
איך ליג אין לעטאַרגיע־דרימל?

דו מיינסט, אַז כ׳בין צום געווימל
שוין טויב, פון די לײַדנשאַפטלעך
זיך באַגעגנענדיקע מיינען,
פון די וואָס אַלץ באַיאָען,
פון די וואָס אַלץ פאַרניינען,
פון די צווייפלערס,
פון די גלויבערס,
פון די שעלטערס,
פון די לויבערס,
פון די בענטשערס,
די פאַרדאַמערס,
אַז אויף די קניִען איך שטיי
אַ צעדריקטער פון ווײ,
פון דעם אומברחמנותדיקן קלאַמער.

דו מיינסט, אַז טאָמער
ליגט אויף די פליגל

פון אַכזרישע פענטעס דער זיגל
און כ׳האָב זיי פון לאַנג ניט צעשפּרייט,
האָב איך פאַרגעסן פון פליִען די פרייד,
האָב איך אין די יאָרן
דעם אימפּעט, דעם דראַנג אָנגעוואָרן,
די לוסט צו דערלאַנגען די רוימען
די לויטערע, בלויע ? —
ביסטו מײַן ליבער זיך טועה...

# די ווײַט פֿון דיר

די ווײַט פֿון דיר
ניט לויט די וועגסלופֿעס איך רעכן,
לויט אַנדערע סימנים
די רעכענונג איך פֿיר;
וויפֿל מאָל דאָס אײַז
נעמט אויפֿן טײַך זיך ברעכן
און די קריִע טוט זיך
מיט אַ קרעכץ אַ ריר,
און דאָס יונגע גראָז,
כאָטש אין דער פֿרי נאָך פֿרעסטלט,
שפּיזלט מיט עקשנות דורך די אויבערפֿלאַך,
און ס'זוכן אַפֿ דאָס אַלטע שטאַרכן-קעסטל
די פֿלאַפֿלערס פֿריילעכע אויף נידעריקן דאַך,
און דעם הימלשאַל
דער וואַלד נעמט אויף די אַקסל,
און די וועלט ווערט יינגער,
און די הערצער — קלאָר,
זאָג איך מיר: צווישן אונדז צעוואַקסן
האָבן זיך די שטרעקעס
הײַנט
מיט נאָך אַ יאָר...

דעם שטח כ'מעסט
ניט לויט די דראָטגעוועבן,
ניט לויט די ווערסטן-צייכנס —
מײַן סימן איז די צײַט,
די ווײַט פֿון דיר איז לאַנג
אַ גאַנץ שטיק לעבן.
פֿון דיר געפֿין איך מיך
צען יאָר די ווײַט...

## גלייַך זי וואָלט זיצן בײַ מײַן זײַט

איך האָב הײַנט פון מײַן פרוי באַקומען
א שורה-גרוס.
כ'האָב לאַנג אויף אים געוואַרט,
און האַסטיק שלאָגן האָט מײַן הארץ גענומען
פון איר קוטשעראַווען כּתב, איר ריידנסאַרט,
פון אירע היימישע באַחנטע אידיאָמען
וואָס כ'האָב אין לשון אירן האָלט.
כ'האָב פליסטערן גענומען ווי אַ געבעט
איר נאָמען,
און גלײַך אין שטילער נאָענטקייט זי וואָלט
אויף אַן אמת בײַ מײַן זײַט געזעסן,
אַוועקלייגן דעם קאָפּ אויף אירע קני געוואָלט
און אַלץ וואָס דורכגעלעבט פאַרגעסן,
די אַנטוישונגען, פּאַראַיבלען וואָס מיך פרעסן,
און דאָס, פאַר וואָס אין אַ־דעם גרוב איך לײַד,
און אויך יענע פאַלשע, די באַטריגער־לײַט,
אויך זיי, אויך זיי,
נאָר זאָלן זיי ניט מיינען
ווען זיי די שורות מײַנע וועלן לייענען,
אַז פאַרגעסן — פאַרגעבונג אויך באַטײַט...

## אַ שילד

אין עיפּוש־גרוב, אין מלכות פון דער נאַכט,
פון הינט — ווי עקלהאַפטע פוריעס — באַוואַכט,
אויפן באַראָט פון קאַט, וואָס האָט פאַראַכט
דעם מענטש אין אונדז,
דער קאַט, מיט אויגן דולע
און גאַרילע־שטערן, וועלכער האָט די מאַכט
געהאַט איבער די קרבנות זיינע דאָרט די פולע,
זיי פייניקן, זיי מאַכן צו חוכא ואיטלולא.

דאָרט, ווו דאָס געזעץ פון אַכזר גילט,
פון פּחד און פאַרברעך די כּללים
און די זיטן,
איז פאַר ליבשאַפט און געזאַנגען —
צאַרט און מילד
מיין פילבאַר האַרץ געבליבן, אומפאַרביטן.
אָנגעטאָן אויף דעם האַב איך אַ האַרטע שילד
אַז פון יעדער גראָבקייט וואָס געצילט
דערנידעריקן מיך,
צעברעכן,
ווייִ טאָן ווילד,
כ'זאָל עס ווי פון האַרנשטאָך פון ביק
פאַרהיטן.

# מײַן אומבאַקאַנט־באַקאַנטער
# פון יענער זײַט קראַטעס

סאָניען

איך ווייס ניט: דו ביסט שוואַרץ צי בלאָנד,
ווי די שלאַנקע זונבלום
אויף מאָלדאַווער סטעפּעס,
דו ציסט דײַן שורש פון נגידישן באָמאָנד,
צי פון עמך וואָס איז ייִחוסדיק מיר נאָנט,
נאָר האָסט אַ וועלט מיר אַ פאַרלאָרענע דערמאָנט,
ס'האָט פון דיר פאַרשמעקט מיט עפּעס
קרובהשן, מיט היימיש־וואַרעמען גערוך,
גלײַך כ'האָב מיט דיר אַ מאָל זיך שוין געטראָפן...
אפשר אויף די זײַטלעך פון בערגעלסאָנס אַ בוך?
(כ'זע עס נאָך אין דמיון מײַנעם אָפן)
אפשר אין פּאַריז, אין בלענד פון ליכט,
אין אַ סטודענטן־קרײַז כ'האָב דיך געזען אַנומלט
און כ'טראָג ביז הײַנט אין האַרצן דײַן געזיכט
טיף אײַנגעקריצט...
וואָס דען האָט מיך צעטומלט
דײַן שורה־גרוס מיט דעם געטאָקטן כּתב
וואָס עמעצער, פון יענער זײַט, אָן פּחד
(פון זײַן אומדערשראָקנקייט איך גאַף)
דורכגעטראָגן דורך דער שטרענגער וואַך האָט...

און אפשר דו,
ווי איך אונטערן שלאָס,
די צוויבערין ביסט גאָר
פון מײַן יוגנט ווײַטער,
יענע וואָס געשענקט מיר פרייד אָן מאָס,
און ווי אַ פרומער ייִד טוט אָפּריכטן חצות,

אין די נעכט כ׳האָב דיכטנדיק
דאָס האַרץ פאַר איר געלייַטערט
און כ׳האָב אַצינד אין דיר
גאָר זי דערקענט,
מייַן אַלטע, צאַרטע ליבעלײַ־פּאַרטניאָרין,
און ווײ מיר, ווײ,
ביסט אויך אין רשעס פּענט?
אויך דיך ניט אויסגעמײַדט
זייַן וואַנזין־צאָרן?...

איך ווייס ניט צי מאַדאָנע־פרום זעסט אויס,
צי דייַן בליק גאָר לוסטיק, שטיפעריש איז,
נאָר דערזען אין אים איך האָב
ניט ייִאוש בלויז,
נאָר פון האַס און מוט דעם אויפגעברויז
פאַרקלעמט אין כּף־הקלע פון דער רישעות...
און כ׳האָב דייַן מיידל־קול פאַרנומען, וואָס
האָט אויף מיר אַרויפגעאָטעמט וואַרעם,
דערמונטערט מיך מיט יעדן אויסגעטאָקטן אות,
גלייַך געגאַנגען ביסט מיט מיר געאַרעם
און פון אומגעבויגנקייט גערעדט,
און פון ליבע צו ירושה־עולן,
וואָס מיר מיט זיי זיך טראָגן
פון העט־העט,
אויף זיך, אין זיך,
און דאָס איז אונדזער חטא,
פאַר וואָס מיט אָט דעם פרייַז מיר צאָלן...

איך ווייס ניט; ווי שולמית ביסטו שוואַרץ,
צי בלאָנד ביסט גאָר?

נאָר עפּעס מיידל־צאַרטס,
עפּעס ווײַבלעך־וואַרעמס האָט מיט זוניק שוימען
צוגעשטראָמט צו מיר
דורך אַלע שטעכלצוימען,
דערפאַר גיב איך בירגעררעכט דיר אין מײַן האַרץ
און אַלע פרײַהייטן
אין רוים פון מײַנע טרוימען...

✡

ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען,
פרעג מיך, ברודער, ניט קיין פּרטים,
זי איז דורכגעגאַנגען,
כ׳האָב זי ניט געזען,
נאָר געפילט איר נאָענטקייט, איר אָטעם.

זי איז דורכגעגאַנגען מיט אַ לייַכט געשלייַך,
ווי פון דינעם וואָלקנדל אַ שאָטן,
ווי אַ ציטער אויפן שפּיגלבלאַט פון טייַך,
אַ רוחניות, און גופיק אויך צו גלייַך,
וועמעס פּנים זען איז מיר פאַרבאָטן...

נאָר פון אירע ליפּן דעם באַוועג, מיר דאַכט,
פאַרנומען כ׳האָב, ווי דעם אויסצאַנק
פון אַן עכאָ,
ווי דעם בלעטלס פאַלן פונעם בוים, בייַ נאַכט,
ווי דעם פויגלזיפץ אונטער דער סטרעכע...

דורכגעשוועבט, צערונען זיך — עפּיר,
מייַן האַנט, כּדי צוריק זי ברענגען,
זיך אויסגעשטרעקט פאַרצווייפלט האָט נאָך איר
און געבליבן אין דער לופטן
מאַכטלאָז הענגען...

## השתפכותדיק־אינטים

זי האָט השתּפכותדיק-אינטים גערעדט
און ס׳איז איר קול געווען געבעט,
און טרייסט, און פאָרוווּרף,
און אויך גלעט;
מיר איז פון אירע רייד געוואָרן גרינגער,
גלייך זי האָט מיט שוועסטערלעכע פינגער
אראָפּגענומען פון מײַן האַלדז די שווער-געוויכטן,
גלייך זי האָט דערמאָנט מיר מײַן באַרוף
און אויפגעהײַטערט צו באַנײַטן פּרוּוו,
צו ניט-דערפילטע דיכטערישע פליכטן...

און ס׳האָט אַ שפּיל געטאָן אין ברוסט
מיט לעבנסווילן און מיט לעבנסלוסט,
מיט יונגן אימפּעט און מיט וואַגן
בײַצוקומען דעם פּלאָנטער פון פראַגן,
בײַצוקומען דעם יִיאוש, זײַן גיפט
וואָס האָט אין די בלוטן
אַרײַן מיר געטריפט —
אָנגרײַפן כ׳זאָל קענען דעם צוים
דעם געשטעלטן
צו מײַנע אויסגעחלומטע וועלטן...
און אויף דער פרייד וואָס כ׳האָב מיר געמאָלט
און אויפן ציל וואָס גרייכן געוואָלט —
ניט צו פאַרציכטן,
ניט צו פאַרציכטן...

געווען אין קול אירן איז שטראָף און גנאָד
און כּוח — ניט פאַרשטאַנען כ׳האָב זײַן סוד, —
נאָר אַ צי געטאָן אויף ס׳נײַ מיך ס׳האָט
צום דיכטן...

# זיך אומקערן אַהיים מיר וועלן ביסלעכווײַז

סוף־כּל־סוף וועט זיך לינדן דאָס געוויטער.
זיך אומקערן אַהיים מיר וועלן ביסלעכווײַז,
און דורכנעמען די הערצער וועט אַ ציטער
ווען מיר וועלן דערזען ווי אײַנגעשרומפּן, שיטער,
ס'איז געוואָרן אונדזער שטאָלצער קרײַז....

אין טרוימען און אין שטרעבונג אומפּאַרביטן,
צוזאַמענקלײַבן זיך מיר וועלן ווי אַ מאָל,
אָבער פעלן וועלן גראָד יענע, אין דער מיטן,
וואָס די תּליון־האַק האָבן ניט אויסגעמיטן,
די בעסטע וועלן פעלן צו דער צאָל...

זיי מיט אונדז בײַם טיש וועלן ניט זיצן,
יענע וועמען מיר האָבן הויך געפּרײַזט.
וווּיל־בחוריש ניט טומלען,
אין געאַמפּער זיך ניט היצן,
ניט פּישופן מיט לידער
און מיט שוועבלשפּריצן
פון אייביק יונגן, האַפערדיקן גײַסט...

און פּײַנלעך וועט אונדז
דאָס ניט־וויסן קוועלן
ווען ס'האָט זײַן פּסק דער תּליון אָפּגעריכט,
אַז צו זייער אָנדענק, וואָס וועט אונדז
אייביק העלן,
מיר זאָלן קענען ציטעריקע שטעלן —
ווי דער טריפנדיקער טרויער —
יאָרצײַטליכט...

און זײַן װעט אױך אַ סוד
װוּ מ'האָט באַהאַלטן
זײער פֿאַרפֿײַניקטע און געשענדטע געבײן
צי אױסגעקריצט אױף גרױען שטײן אױף קאַלטן
„פּה נטמן" מ'האָט, אַז לױטן מינהג אַלטן
צו זײ מיר זאָלן קענען
אױף קבר־אָבֿות גײן...

סוף־כּל־סוף מיר װעלן זיך אומקערן,
װעמען ס'איז באַשערט זיך אומצוקערן,
נאָר —
די גרײס פֿון דער אֲבֿידה קלאָר
װעט אונדז ערשט דעמאָלט װערן,
װען צװישן אונדז װעלן יענע
זיך ניט הערן
װאָס געשטאַלטיקט די נשמה פֿונעם דור...

# אין וואַלד

דער מאָרגן־שטערן מיט דימענטל זײַן שאַרפֿן
דעם הימל אויפֿגעשפּאָלטן האָט ווי גלאָז
    און באַלד
האָט גענומען עפּעס פּלאַטערן, זיך וואַרפֿן,
זיך פֿאַלדעווען איבער
דעם אויפֿגעוועקטן וואַלד...

פֿון נעכטן אָן כ׳בין דאָ.
    מיט העק און זעגן
אַ חבֿרה וואַלדהעקערס געקומען מיר אַהער,
ווו פֿון זײַנע פּלאַטפּים
    אויף די טײַגע־שטעגן
האָט געלאָזט זײַן שפּור
    דער באַלעבאָס, דער בער...

די העקערס שלאָפֿן נאָך אַ שלאָף אַ שווערן,
איך איינער, דער פּאָעט,
    פֿון בײַדל בין אַרויס
די פֿייגל־אָראַטאָריע צו הערן,
פֿון פֿײַערלעכן הימען דעם פֿלייץ
    און ברויז...

איך האָב דעם קאָפּ פֿאַרהויבן צו די צווײַגן,
ס׳האָט אַ מורמל, אַ צוויטשער און אַ ברום
צונויפֿגעגאָסן זיך האַרמאָניש
    און גענומען שטײַגן
העכער, העכער, —
    איך בין געשטאַנען שטום

און ס'האָט דאָס האַרץ אין מיר געשלאָגן
פון אַזוי פיל פּראַכט,
אַז ניט אין שטאַנד
בין איך געווען איין וואָרט צו זאָגן,
ווי אויף דער בינע, צום ערשטן מאָל,
צעטראָגן,
זײַן ראָלע ס'פאַרגעסט אַ יונגער דעביוטאַנט...

## צום וואָרט

ווי אַ מאָל, ווען ס'איז געווען געגנוג אַ ווונק,
אַז דו זאָלסט קומען חנעוודיק און יונג
און מיט מיר ביים שרייבטיש
ביז פאַר טאָג פאַרבלייבן
און מיר העלפן פונעם פלאָנטער
זיך אַרויסצוקלייבן
און מיר אויפבינדן דעם שטאַמלענדיקן צונג,
אַז אַלץ וואָס אויסגעטראָגן כ'האָב
און איז געווען שוין צייטיק,
אַרויסזאָגן כ'זאָל קענען קלאָר
און אומצווייטדייטיק...

ווי אַ מאָל, צי ווערסטו מיר נאָך דינען?
צי ווערסטו נאָך דעם וועג צו מענטש געפינען,
ער זאָל אין דיר דערקענען תּיכּף
לויטן קלאַנג
אַן אייגנס, ווי געווען ביסט אים פון לאַנג?..

האָסט פאַרהיט די פעסטקייט און די זאַפטן,
די בייגיקייט און דעם געבענטשטן גלי,
אַלע דיינע אַלטע אייגנשאַפטן,
אַז אָנקומען מיר גרינג
זאָל מיין דיכטערישע מי...

נאָר דו, נאָר דו מיר פעלסט,
אויף דיר איך וואַרט ווי דער פאַרלאָזטער פעלדז
ביים ברעג פון ים —
עקשנותדיקער, שטרענגער,
אויפן פויגל־יאַריד, אויף די פרילינג־ברענגער,

אויף זייער געזאַנג,
געשריי
און געפּלאַפּל,
נאָר דו מיר פעלסט כ'זאָל קענען טאָן מײַן פליכט,
אַז דאָס וואָס כ'האָב צו זאָגן, האָבן זאָל געוויכט
און זאָל מיר העלפן אײַננעמען דעם הויכן שטאַפּל
אויפן דיכטונג-לייטער,
פאַר וועלכן כ'שטיי און צאַפּל...

## וועלטעניו, וויפל איז דער זייגער

וועלטעניו, וויפל איז דער זייגער?
שוין צייַט עס זאָל קומען דער קטגור
און פאַרנעמען דעם חונפם אָרט
און אַ וואָרף טאָן דרייסט
זייַן שטראָפנדיק וואָרט
אין דעם וואָס האָט זייַן שבועה געבראָכן
און פאַרגעסן דעם גנאָד,
וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן,
און אומגעהייַערן פייַן
דעם פאָלק צוגעשפּאָרט...

ווו איז ער? פאַר וואָס זיך פאַרזאַמט ער?...

אין אָרון ליגט שוין דער פאַרדאַמטער
געץ אַן אויסגעסטראַצלטער,
אַן אויפגעראַמטער
מיט זייַן גאַנצן שמוק אויסגעצירט.
ער ליגט אַ געוואַשענער, נאָך דער טהרה
פאַר דער אייביקייט באַלזאַמירט,
ווי די מומיע פון אַ פאַרצייַטיקן פּרעה
אין סאַרקאָפאַג פון גראַניט...
נאָר דער קטגור קומט עפּעס ניט,
כאָטש ס׳האָט די שעה שוין געשלאָגן
אויסצושרייַען די פלוך וואָס ער טראָגן
טוט אין זייַן בלוט...
דריקט דען נאָך אַלץ
דער פּחד מיט שפּיציקער קני
אויף זייַן האַלדז,
גלייַך מיט זייַן צאָרן פון נוקם-ונוטר

וואָלט אים, חלילה, דער גען,
אויך אַ טויטער,
דערלאַנגען געקאַנט פון "דאָרט",
פון מלכות פון אייביקן דעמער?

וועלטעניו, זאָל ער פאַרנעמען זיין אָרט,
רוף אים אויף צום באַלעמער!..

# דער האָלצהעקער

י. עמיאַטן

פון טאָג ביז נאַכט, אַן אויסגעמאָגערט-קראַנקער,
שפּאַלט ער קלעצער מיט זײַן האַק דער בלאַנקער
בעת אין דרויסן סמאַלעט, ברענט דער פראָסט
אומברחמנותדיק אַזוי, אַז פון דער כאַטע
וואָלט אַ גוטער יעגער זײַן קודלאַטע,
זײַן געטרײַע יאַגדצויג ניט אַרויסגעלאָזט...

פון טאָג ביז נאַכט טוט ער קלעצער פּלעטן
מיט הענט געבוירענע אַ פידעלע צו גלעטן,
די הענט זענען פון וווּנדן ברוין און בלוי;
נאָר טרוימען קומען אין זײַן האַרץ
ווי מעוועס אין אַ בוכטע,
און ער באַזינגט אין ווערטער,
מיט צאַרטקייט אויסגעזוכטע,
זײַן בענקשאַפט צו דער וועלט,
מוזיק
און פרוי...

פון טאָג ביז נאַכט, ניין, ניט אויף קלעצער שווערע
פאַכט זײַן האַק, נאָר אויף עפּעס אַ כימערע.
און איך האָב מורא אַז מיטן האַרטן שטאָל
פון זײַן האַק סיבירער, ווי אַ גיליאָטינע,
אומגערן
זאָל די פינגער זײַנע דינע
זיך אַליין, חלילה, ער
ניט אָפּהאַקן אַ מאָל...

פֿאַר אַ האַלצהעקער, ווי ער, איז אַלצדינג מעגלעך,
דערפֿאַר איך וואַרט אַז אומרויִקער, טעגלעך,
דער אָוונט זאָל מיט פֿלאָנטערנדע טריט
און הענט וואָס מאַט־פֿאַרחלשט אַראָפּהענגען,
אים צוריק אונטערן אָרעם ברענגען,
נאָר אויף די ליפּן
מיט אַ צאַפּלענדיקער ליד...

# לעצטע ווידערקולות

פון וואָלקנברוך די ווידערקולות לעצטע
שווין הילכן אָפּ
אין דעם צעקלויצעט־מוטנעם אַל,
שווין הויכט דער שטורעם אויס
זײַן לעצטן באַל
אין אָנמאַכט,
ווי אַ חיה אַ פֿאַרהעצטע.

דער פּחד, וואָס פֿאַרקאָוועט האָט ווי אײַז
דאָס מענטשנהאַרץ,
גייט אָפּ שווין ביסלעכווײַז,
ס'דעמפּט זיך אויס דער גליווער
פֿון דער ערד
און לינדער ווערט
און צום אָטעמען ווערט גרינגער,
און אומבאַמערקט פֿון מיר אַליין,
אין פֿאַרגעפּיל פֿון ליד,
וואָס פֿיבעריק געגומען
זיך פֿאַרקניפּן אין געמיט,
צו די מכשירים זיך אַ צי געטאָן די פֿינגער,
ווידער מיט מי באַגײַסטערטער גרייט
זיך אין גאַנצן אָפּגעבן,
ווי פֿריִער,
איידער די הענט
אויף הינטן אַרונטערגעדרייט
ס'האָט מיר אַכזריש דאָס לעבן...

## לעצטער טאָג

שוין. אַן ענדע איצט נעמט
צו דעם קלעם
דעם אומזיניקן,
אין וועלכן מ׳האָט מיך פאַרקלעמט
ווי אַ פֿיַינד,
אַן אָפּטריניקן...
ווי צו אַ צען־יאָריקער שטראָף
געווען פון דער וועלט
אַ פאַרטריבענער,
באַהאַלטן
אין מיסטיקן ראָוו,
פון חשבון
אַן אָפּגעשריבענער...

אַ סוף, אַ סוף נעמט אַצינד
צו די ליַידן
אומזיסט געליטענע.
אַ ניַיער טאָג גייט אויף לינד
מיט פאַרבן
איבערגעביטענע.

ס׳שווענקט זיך אָפּ דאָס געזיכט
אין דעם ליכט
אויפגעגאַנגענעם,
איך טו אויס דאָס בגד פון זיך
און די שיך
פון געפאַנגענעם...

אויף אַלע מאָל איך פאַרשלים
פון איבערגעלעבטן

די קלאַמערן;
פאַר וואָס זשע זיך בייגן די פּיס
און ס'טוט דאָס האַרץ
אַזוי האַמערן...

די האָפענונג, אין ליד מיט געדולד
געכאַוועט,
צו ליד אַ באַרופענער,
און איצט אַז זי איז דערפולט
שטיי איך ווי אַ בגילופענער...

און כ'ווייס ניט:
ס'אַ חלום בלויז
(אָ, זאָל ער כאָטש לענגער דויערן),
צי כ'גיי שוין באמת אַרויס
פון די פאַרשאָלטענע טויערן?..

✡

צום אָנדענק
פון משה בראָדערזאָן

ניט מיט קויל מיט ווייכן
זײַן פּאָרטרעט איך צייכן,
ניט מיט פעדער דינעם,
אייל
אָדער הואַש...
איך טונק מײַן פּענדזל אין גראָ־אַש
פון צער וואָס טיף זיך אײַנגעזויגן
האָט ער אין זײַן הארץ,
אין זײַנע אויגן
און פאַרשטעלט מיר זייער ליכט;
איך טונק אים אין זײַן ווייטיק גרויסן
וואָס שפּאַרט אַרויס אין דרויסן
אויף זײַן גראָ געוואָרענעם געזיכט;
ס'האָט דער גורל מיט זײַן גאַנץ געוויכט
אַרויפגעטראָטן
ווי אַ העלפאַנד אויף זײַן לעבן
און צעדריקט אים שטאַרק,
און וויפל גראָוס איך וועל ניט געבן
צום פּאָרטרעט צו זײַנעם,
כ'לעבן,
וועט אַלץ ווייניק זײַן,
וועט זײַן אַלץ קאַרג...

## אויף דאָרנוועג

אויף דאָרנוועג, אין יענע יאָרן,
כ׳בין לאַנג געווען מיט אים צוזאַם,
און ס׳גלעט ניט אוים זיך פון זכּרון
און פונעם האַרצן יענער שראַם,
אים טראָגן אייביק כ׳וועל מיסתּם.

און אַלע מאָל קעגן מײַן ווילן,
ווי איך פאַרגעסן מיך ניט פּלײַם,
אין גאָרער נאַקעטקייט אַנטהילן
טוט יענע וואָר זיך
און באַנײַם
איך מאַך אַדורך דעם גרוילנקרײַז,

דעם ביטער־גרויזאַמען נסיון.
כ׳טראָג יענע בגדים,
כ׳עס יענץ ברויט
און פון די וועלפּהינט
כ׳הער דאָס ווייען
בײַ נאַכט אַרום דעם לאַגערפּלויט
וואָס מיר אַליין אים זיך געבויט,
די שיסערײַען פון די היטער,
פון וועלכע דורכגענומען ס׳האָט
דעם אָפּגעשוואַכטן גוף אַ ציטער,
דאָס זידלערײַ, דאָס שטעכלדראָט,
די נעכט אָן האָפענונג,
אָן גנאָד...

און ער איז דאָרט מיט מיר בײַם שײַטער,
פאַרפראָרן אויף אַ שטאָם ער זיצט,

און זײַן גײַסט דער יונג־פֿאַרשײַטער
מיט דימענטפֿונקען פֿינקלט, בליצט,
שאַרף געשליפֿן און פֿאַרשפּיצט...

און שפּאַלטן טוט ער אַ געניטער
דעם האַרטן קערן פֿון געדאַנק, —

פֿון װערטערשפּיל, דער שײנער ריטער, —
זײַן חנעװדיקער זינגערגאַנג
איז מיר באַקאַנט געװען פֿון לאַנג,

פֿון לאַנג, פֿון לאַנג...
פֿון קינדהייט פֿריסטער,
װען ניט געװוּסט נאָך װאָס מיך ציט,
אַרײַנגעשפּילט, אַרײַנגעפֿליסטערט
האָט שוין אין קינדישן געמיט
זײַן רעגן־בויגנדיקע ליד.

און זען זיך מיט דעם זינגער בראָדער
דעם װוּנטש פֿאַרטײַעט כ׳האָב שוין דאַן,
אין װאַרשע אויף טלאָמאַצקע,
אָדער
אין לאָדזש װוּ ס׳איז דער הויכער מאַן
געגאַנגען אין דעם אומעטשפּאַן...

נאָר אַז איך װעל מיט יאָרן שפּעטער
מיט דעם װערטער־יוּװעליר
זיך טרעפֿן פּלוצעם
װי „פֿאַררעטער"
אין קאַנט פֿון אייביקן געפֿריר —
איז גאָרניט איינגעפֿאַלן מיר...

# פאַרצווייפלונג

יאָ, אויך מיך ניט אויסגעמיטן
דער גורל האָט. געווען כ׳בין דאָרט
און כ׳האָב געזען ווי ס׳האָט געליטן
דער דיכטער שטאַרק,
ווײַל ניט געטאָרט

דאָס איידעלע געצײַג באַרירן
מיט פינגער פון אַ ווירטואָז,
וואָס מאַכן ציטערן, וויברירן
און שימערן דעם שטומסטן אות...

געזען אים צופן גראָז
(ס׳זאָל גלאַטער
אין הויף די ערד זײַן פון אַספאַלט),
געזען אים אַלס אַסעניזאַטער
(געווען איז טראַגיש זײַן געשטאַלט).

געזען פון וואַלד אים טראָגן קלעצער,
און ס׳שטעלט זיך פאָר מיר ביז אַצינד
ווי קעגן אים ס׳האָבן די העצער
אָפּגעלאָזט פון שטריק די הינט,
ווען מאַכטלאָז און אַן אויסגעבלאַסטער,
פאַרחלשט, מיט צעשפּרייטע הענט,
געפאַלן ס׳איז אונטער דער לאַסט ער
אין שניי אין טיפן ביז די לענד...

געקענט דאָס לעבן האָט דערעסן,
געקענט האָט מיאוס ווערן די וועלט,
אין אַלע אינערע געפעסן
דער ייִאוש האָט אַרײַנגעקוועלט...

דעם שאַנד און שפּאָט
האָט ניט געקענט שוין
אַריבערטראָגן ער,
און דאָך
פלעג ער זיך מוטיקן, זיך מענטשן,
געגלייבט: אַ נס איז מעגלעך נאָך,
אַ נס,
אין וואָר און ניט אין חלום,
צו יעדן בייז קומט דאָך אַן ענד,
באַווייַזן דאָס מיט פיל משלים
פון דער געשיכטע ער געקענט...

און כאָטש מיט קאַלאַמבורן, וויצן,
אַזוי ווי מיט אַ שילד ער פלעג
פונעם יִיאוש זיך באַשיצן
אין יענע יִיאושפולע טעג,

האָט ער אין אים זיך אײַנגעזויגן
ווי די קעלט אין יעדן גליד,
אין זײַנע פּישוּת־מאַכער־אויגן,
אין דעם זײַדענעם געמיט...

און כ׳האָב געזען
ער ווערט אַלץ מידער
און עלטערט זיך אַזוי געשווינד,
און זיך אַליין, אפשר,
דערווידער,
פאַרגייט ער אין דעם לאַבירינט

פון ספקותן, פון ווידערשפּרוכן,
פֿאַרבלאָנדזשעט ער אין זיך אַליין מיין,
ווו שווער דערנאָכדעם אָפּצווזוכן
ס׳איז אים געוואָרן
זיך אַליין...

## ער איז געווען וויַטזיכטיקער

איך האָב געקענט שוין ווי אַ בוך אים
וואָס אָפט מאָל אין דער האַנט איך נעם,
וואָס איז מיר ליב,
נאָר אויך וויפּוחים
פֿיר איך אין דער שטיל מיט דעם.

כ׳האָב אים געקענט שוין אויסנווייניק
דורך־און־דורך מיט יעדן שטריך,
געוווּסט אין וואָס מיט אים כ׳בין
אייניק
און וואָס פֿון אים דערווײַטערט מיך.

און כ׳פֿלעג מיט דרך־ארץ טיפֿן
זיך צוהערן צו זײַנע רייד —
ער האָט גערדאַנקען און באַגריפֿן
מיט מילדקייט אַרום זיך צעזייט.

און ווען דערווידערט אים מיט עזות,
כאָטש ס׳האָט פֿאַרדראָסן אים, ווי כ׳ווייס,
דאָס ניט פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַזוס,
פֿון מיר ניט אָפּגעקערט זיך בייז...

ער האָט נאָר מילד
און ווי אַ ברודער
פֿאַרגלעט דעם סיכסוך מיט אַ שפּאַס;
ער האָט געקענט מײַן האַרץ־צערודער,
און זיך געקלערט אַ פּנים,
אַז

מיט יונגן פֿײַער איך דערווידער

ניט אים, ניט אים,
נאָר זיך אַליין,
ווײַל ס'איז אין מיר אַ קידער־ווידער
און „יאָ" איך זאָג
און טראַכט גאָר „ניין"...
אַז פון דעם אומגליק אָנגעשפּאָלטן
האָט מײַן וועלט זיך
אומדערוואַרט
און ס'אַמפּערן זיך צוויי געשטאַלטן
און מיר פאַרביסן, מיט האַזאַרט.

...איך האָב געקענט שוין
ווי אַ בוך אים,
וואָס ליב איך האָב עס אָן אַ שיעור,
נאָר ביז הײַנט יענע וויכּוחים
קאָן ניט מוחל זײַן איך מיר...

און ס'לאָזט ניט אָפּ ביז הײַנט
מײַן וועזן
אַ שולדגעפיל,
און איך דערקלער —
ער איז ווײַטזיכטיקער געוועזן,
ניט איך האָב רעכט געהאַט,
נאָר ער...

# דאָן־קיכאָט

דער ראָק פֿאַר זײַן פֿיגור צו ענגער,
די פּלודערן ניט צו דער מאָס,
געמאַכט אים האָבן דינער, לענגער,
און זאָגן קאָן איך ניט פֿאַר וואָס,
נאָר תּמיד ווען כ׳האָב אין די בגדים,
פֿאַרעלטערט, אויסגעמאָגערט, מיד,
געזען אים גײן, דעם זײַדן־פֿאָדעם,
און נאָכגעשלעפּט נאָך זײַנע טריט —
ווי דער קאָנוווי וואָס אים געהיט —
ס׳האָט זיך זײַן שמאָלער,
לאַנגער שאָטן,
האָט מיר זיך אויסגעוויזן גאָר
אַז אויג אויף אויג מיט דאָן־קיכאָטן
כ׳האָב מיך געטראָפֿן
אויף דער וואָר...

יאָ, דער ריטער פֿון זײַן טרויער, —
כ׳האָב מיר געזאָגט, מיט יעדן שטריך.
דאָס האָט בכּיוון נאָר אַזוי ער
פֿאַרשטעלט אין דער הלבשה זיך,
וואָס האָט געמאַכט אים דינער,
לענגער,
און שאָטנדיק ער האָט
און לײַכט
פֿאַרבײַ דער לאַגערוואַך דער שטרענגער
זיך דורכגעשמוגלט, דורכגעשלײַכט,
אין לאַגער זיך אַרײַנגעקליבן,
בעת אין יענער זײַט, אין גאַס,
געלאָזט האָט ער דעם פֿלאַפּלער ליבן,

דעם ערדיש-פּראָסטן, דעם בר-דעת,
וואָס ניכטער איז און מער דערפאַרן,
דאָך
אין זינלאָזסטע געפאַרן
מיט זײַן האָר זיך ניט געשיידט
און אויף אייזעלע זײַן דאַרן
טריטל-טראָטל אים באַגלייט...

אַלע מאָל, ווען כ'האָב געזען אים
אין דעמער-שעה, האָט מיר געדאַכט
אַז כ'זע גאָר אויסגעמאַטערט יענעם,
גלײַך אַקערשט אין אַ הייסער שלאַכט
איז מיט כימערעס ער געווען
און ס'האַלטן אים שוין קוים די פיס...

יאָ, קרבוהשאַפט אַ סך זײַן וועזן
געהאַט מיט יענעם האָט געווים;
אים האָט געפעלט נאָר ראָסינאַנטע,
אַ פּאַנצער און אַ שפּיז געפעלט,
ווי אין די מעשׂות די באַקאַנטע
וועגן אויסטערלישן העלד,
אַז ער זאָל זײַן אין פולן פורעם
פון דעם לאַמאַנטשער פאַנטאַזיאָר
און גיי, די שקר-פעסטונג שטורעם,
גרײַף אָן די גרויליק-מיאוסע וואָר,
און קעגן ווינטמילן-פאַנטאָמען
וואַרף זיך אומדערשראָקן, הייס,
און ברען אויס אומעטום דעם זאָמען
פון אַלץ פאַרדאַרבנדיקן בייז...

נאָר האָט געקענט דער לאַדזשער ריטער
זיך לאָזן אין זײַן שליחות, ווען

דער הויכער פלויט מיט בייזע היטער
אַרומגערינגלט איז געווען,
ווו ס׳האָט דער יונג געהערשט
דער גראָבער,
און ס׳האָט אויף אים שוין ניט געוואַרט
דאָס פערדל זײַנס
וואָס ער מיט האָבער
געהאָדעוועט פון זשמעניע צאַרט,
דאָס פלינקע פערד, וואָס האָט אַ מאָל אים
(ער האָט אַזוי געבענקט נאָך דעם)
געטראָגן צו זײַן שיינעם חלום
און צו זײַן פאַרדינטן שם.

## ברוך ה׳ יום־יום

שוין צוריק אַהיים מיר האָבן
אין לאַגער, כ׳מיין, זיך אומגעקערט
נאָך אַ טאָג פון גריבער גראָבן,
אָנגעהאָר׳וועט ווי די פערד
וואָס זיך איַילן צו די זשלויבן
און דער וואַרעמקייט פון שטאַל...

שוין די שפּיל זיך אָנגעהויבן
די געהיימנישפולע, אויבן,
אין דעם אויסגעשפּרייטן אַל,
שטערן־שימער, שטערנפאַל,
וואָס זיי האָבן ניט קיין נעמען,
כאָטש שטעל אונטער ביידע הענט
פולע זשמעניעס אָנצונעמען
מיט דעם שטערנדיקן בלענד...

ווו זשע איז מיַין פריַינד
דער אַלטער,
ער, דער זיגער פון געזאַנג,
פון דער שטאָטנויט דער געשטאַלטער,
דער געניטער קערן־שפּאַלטער
פונעם וואָרט און פון געדאַנק?

טעגלעך ווען מיט דער קאָלאָנע
וואַלדהעקערס, פון בראשית־וואַלד
כ׳קער מיך אום צוריק אין זאָנע,
קומט ער דאָך צו לויפן באַלד
אומגעלומפּערט הויך און מאָגער,
שלעפנדיק די פיס שוין קוים,

און עס טוט מיר באַלד אַ זאָג ער:
ברוך ה׳ יום-יום...

ווײַל פֿאַר מיר ער לעבט דאָך איבער
ווען איך גיי אין וואַלד אַוועק;
ס׳קאָן אַ בוים אַן אַלטער גיבור,
ווען עס שנײַדט די שאַרפֿע זעג,
אין זײַן לײַב זיך אײַן
זײַן דיקן
טאָן אַ פֿאַל און דיך צעדריקן,
דיך אויסמישן מיטן ליים
אַז ניט בלײַבן אָפּצושיקן
וועט קיין קנעפּל ניט אַהיים...
ס׳קאָן דיך שיסן דער באַגלייטער
מיטן אויסרייד אַז דו האָסט
גאַר געפּרוּווט צו מאַכן פּליטה
אין דעם קנאַקנדיקן פֿראָסט,
און אַהיימברענגען דיך וועלן
אויף די הענט די פֿרײַנד צוריק
מיט אַ וואַקס-פּנים אַ געלן,
און אַ טויט-פֿאַרגלאָצטן בליק.

איך האָב ליב זײַנע באַזוכן;
כ׳קום פֿון ווינטן אָפּגעברענט
און עס שמעקט מיט כּוויע-גערוכן,
רויער ערד פֿון מײַנע הענט,
קומט ער מיר אַרויס אַקעגן
און דאָס זעלבע אַקוראַט
וועט ער, כ׳וויים, מיך ווידער פֿרעגן
וואָס כ׳הער שוין פֿינעף יאָר כּמעט,
אַז ער וואַרט דערציילן כ׳זאָל אים

(מיר מוז זיכער זײַן באַקאַנט)
עפּעס נײַס וואָס אויך אין חלום
האָפּט אויף דעם דער אַרעסטאַנט...

נו, הייבט אָן ער... „מה נדבר?
ניט מע זעט און ניט מע הערט?
וואָלט אַ ייִד אַ בעסאַראַבער
אַ באָבע־מעשׂה אויסגעקלערט,
אַ ליגן כאַטש, וואָס זאָל דערהויבן",
טענהט לוסטיק ער, אין שפּאַס,
ס'זאָל אין איר זיך טאַקע גלויבן
ווי אין די מעלדונגען פון „טאַסס"...
„נאָך ניטאָ פון נס קיין צייכן
(וואָס געשען וועט מערצעשעם),
ס'פּולן נאָך ניט אָן די הייכן
די טרויערטענער פון רעקוויעם
נאָכן הייליקן רב יאָסל?
וועגן סוף זײַנעם אײַך האָט
אַ גילגול דאָרט אין וואַלד,
אַ דראָסל
הײַנט ניט אײַנגערוימט בסוד?"
לאָך איך פריילעך:
— אוי, רב משה
זענט נאַיוו איר...
— איך? פאַר וואָס?
וואָלט דען ניט געווען אַ יושר
וואַקסן זאָל אויף אים שוין גראָז?..
— בעט אויף קיסר ניט, אויף נײַעם,
זאָגט דאָס ווערטל, ווי באַקאַנט.
— איך וויים איינס נאָר,
באו מים...
דאָס געדולד איז שוין בײַם ראַנד,

און דאָס פאָלק ווינטשט איינס
דעם שטראָפער,
אין געהיים קלערט נאָר פון דעם:
האָבן זאָל אַ שיינעם סוף ער,
ס'וויל אים זען אַ שוכן־עפר,
וועט געשען דאָס מערצעשעם...

אָט אַזוי מיט קול זײַן שוואַכן
רעדט ער שטיל.
נבואה־רייד?
ס'קאָן זיך דאָך בפירוש מאַכן
אַז דער טויט שוין דאָרט זיך דרייט
אַרום אים אויף דיל געבעטן
מיט טעפּעכער צען פינגער גראָב.
און קיינער ט'אים ניט קענען רעטן
ווען ער פאַרוואַרפן וועט דעם קאָפּ,
און העלפן ט'אים ניט קענען קיינער
ווײַל יענע וואָס דאָס יאָ געקענט
זיי האָקן וואַלד,
זיי טראָגן שטיינער
אויף אויסגעצערטע לערנערהענט,
צי ס'פוילן גאָר שוין זייערע ביינער
אַכוריש פונעם קאַט פאַרלענדט...
נאָר הײַנט איז ער ניטאָ,
און טרעפן
איז מיר שווער: פאַר וואָס?
פאַר ווען?
דאָ ווימלען אום אַזוי פיל שעפן
און ס'האָט געקענט אַ מאָל געשען
אַז איינעם אין אַ רויטן היטל
האָט הײַנט זיך אויסגעוויזן, אַז

זײַן בליק געפּלעמלט האָט
פול ביטול,
און זיך פֿאַרמאָסטן מיט זײַן ריטל
ווילד אויף אים, מיט רשע־כּעס,
און אין קעלערשטיבל קאַלטן
נאָר אויף ברויט
(צוויי הונדערט גראַם)
און אויף וואַסער
אים באַהאַלטן
ס׳האָט אויף דרײַ מעת־לעת דער כּאַם...
ס׳האָט געקאָנט זיך מאַכן אויך, אַז
ער אויף מיר זיך ניט דערוואַרט,
ווײַל ס׳האָט אַוועקגעלייגט אַן כּוחות
אים אין בעט זײַן מיאָקאַרד,
ווײַל די לעצטע צײַט אים שטעכן
טוט צו אָפֿט שוין אין דער ברוסט,
און אין מיטן די געשפּרעכן
האַקט ער אָפּ זיך, זיך פֿאַרהוסט...

כ׳ווייס ניט, כ׳לעבן, וואָס צו קלערן,
ס׳פּרעסט די זאָרג מיך ווי אַ רויף,
כ׳לויף אים זוכן.
אָוונטשטערן
זיפּן דימענטיקן שטויב
אויף די גראָזן קרענקלעך־בלאַסע
וואָס זיי זענען דאָ, מיר דאַכט,
ווי די גראָע מענטשן־מאַסע
אויסגעמאַרכעוועט, פֿאַרשמאַכט...
אויף די שמאָלע שטאָרכן־שלאַקן
וואָס די ליבהאָבער געמאַכט,
קומט דער פֿרילינג,
נעמט עס קנאַקן

אויפֿן דאַך פֿון די באַראַקן
פֿון פֿאַר טאָג ביז אין דער נאַכט
אַ געררויש און אַ געפּלאַפּל,
אַ געהאַווע,
אַ געפּלי,
אַז די בענקשאַפֿט טוט אַ צאַפּל,
טוט אין האַרץ אַזאַ מין צי
צו דער וויַיטער היים פֿון וואַנען
מ׳האָט אַהער צו זיי פֿאַרשלעפּט,
צו די דערפֿלעך צווישן לאַנען,
ווי אין פֿרידן מ׳האָט געלעבט.
און ווי וויַין גוט־אויסגעשטאַנען
דער בטחון טוט אַ קאָך,
אַז זיי אויסלייזן פֿון דאַנען
עמעצער וועט קומען דאָך,
אומקערן דעם גוטן נאָמען
וואָס געהאַט אַ מאָל אין לאַנד,
איידער עס פֿאַרפּלייצט די שטראָמען,
און פֿאַרדאָרבן עס דער זאָמען
פֿון פֿאַרראַט,
פֿון רישעות,
שאַנד...

פּלוצעם, ערגעץ אין דער טונקל
איך באַמערק זיַין סילועט;
איין אַליין ער אין אַ ווינקל
שטייט ווי אין אַ הינערפּלעט.

זוכט ער דען אין האַרץ זיַין טריבן,
אין געדעכעניש ביַי זיך,
פֿון אַ פֿרויגעזיכט אַ ליבן

כאַטש איין סימן,
כאַטש איין שטריך?
צי ער רופט אין אָונט שטילן
דאָס דערלייזנדיקע ליכט
וואָס זאָל ברענגען די געפילן
דעם געגאַרטן גלײַכגעוויכט?

צי אין דמיון אויף דער וואַנדער
פירט די בענקשאַפט אים אַצינד,
פירט אים אין אַ לאַנד אַן אַנדער
ווו עס בליט די אַלעאַנדער
און דער טייטלבוים שוין גרינט,
וואָס די אָבות, אַלע יאָרן,
הייליק, בײַ דער רעכטער האַנט
ניט פאַרגעסן עס געשוואָרן,
און ער פאַרגעסן האָט דאָס לאַנד,
און ער קאָן זיך ניט פאַרגעבן
אַ־די גרויסע זינד,
זי וועט
דריקן שוין דאָס גאַנצע לעבן
די נשמה פון פּאָעט.

צי ער גייט גאָר אום אין פוילן
און עס ציטערט אויף זײַן גוף
דורכגעדרונגען פון די גרוילן,
פון דעם שוידערלעכן פרוּוו
וואָס דערקענט די ברידער, שוועסטער
אין דער וויסטער שוידערצײַט.
— אַ גוטנאָוונט, כ׳זאָג, מאַיעסטראָ —
גלײַך פון ערגעץ זייער ווײַט
כ׳האָב אים אומגעקערט,
פּאַוואָליע

ענטפערט אויפן גרוס מיר ער.
נו, שוין עפּעס אַ מאַנקאָליע
האָט באַפאַלן אים, איך קלער...

און בשעת, זיך צו דערקוויקן,
די מאַכאָרקע שאַרף ווי ספּירט
אין פּאַפּיר פאַרדרייט מיר דיקן,
און דערמונטערט זיך דערשפּירט
פונעם רויך וואָס מיר אים שלינגען
פול מיט ליידנשאַפט און גיר,
זיינע אויגן מיך דורכדרינגען,
שוואַרצע, טיפע,
זיי באַצווינגען,
ווי די אויגן פון פאַקיר,
און פון זיינע ליפּן בלייכע,
אָנגעזאַפּט מיט וויי און גאַל
אין פאַרצווייפלונג גרויסער
איכה,
איכה
טוט דאָס וואָרט אַ פאַל...

# איכה

איכה,
וויְ אַזוי האָט טרעפן דאָס געקענט?
ענטפער,
ווי אַזוי איז מעגלעך דאָס געוואָרן?
און דער וואָס האָט בײַם לערערס אָרון
די טרײַשאַפט־שבועה
בפני כל עם
געשוואָרן,
האָט אומגעריכט זײַן חסד אָפּגעווענדט
פון פאָלק, וואָס טוט מיט זײַנע הענט
די גאָלדענע
און זײַן פאַרשטאַנד זיך רימען?..
פון וואַנען איז דער וואָלקן אָנגעשווימען,
וימוש חושך,
און געוואָרן ס'איז שטאָק נאַכט,
און ס'מענטשנהאַרץ האָט פּחד
און פאַרדאַכט
גענומען ווי אַ בייז געשוויר פאַרצערן,
און פרײַנד גענומען זיך פון פרײַנד
אָפּקערן,
און ברידער זיך דערקענען אויפגעהערט,
און פרוי איר מאַן, צי גאָר פאַרקערט,
און זין די טאַטעס...
קענסט דערקלערן?
ווער האָט צום געיעג
געגעבן דעם באַפעל
און אָנגעצייכנט איז געוואָרן יעדער שוועל
זי ניט אַריבערהיפּן זאָל דער יעגער...
און מ'האָט פון זײַן מיטנאַכטיקן געלעגער
אַראָפּגעשלעפּט דעם פּראָסטן פאַקן־טרעגער,

דעם אויסגעמאַטערטן,
וואָס קען קיין צורת־אות,
און דעם דיכטער בעת געזוכט די מאָס
די ריכטיקע צום ליד וואָס ניט דערשליפן,
און דעם שניטער וואָס אין שלאָף אין טיפן
איז אַוועקגעפאַלן נאָך אַ טאָג אַ הייסן
מיט אויסגעוווייקטן העמד
אין זיבן שווייסן,
און דעם שטערן־קוקער
וואָס געקוויקט זיך מיטן בלענד
פון אַ שטערנדל
אַ ניי־דערשינענס
אין אומענד,
און דעם לערנער פיל דערפאַרענעם,
דעם חריף,
און דעם סטודענט מיטן געזיכט
פון אַ באַזאַראָוו
וואָס שלאָפט מיט דיר אַצינד
בשכנות
אויף איין האַרטער ברעט,
און אים האָט נישט געחולמט זיך אַז ס׳וועט
דאָס העפטל זיינס, פאַר וועלכן אויסגערעדט
ער האָט דאָס האַרץ זיינס
ריינע, אָן אַ פּגימה,
די געדאַנקען זיינע צאַרט־אינטימע,
דעם מיט זיך אַליין געפירטן
אינערן דועט,
דאָס זוכן זיינס,
דאָס וועלן אַלץ באַזינען,
אַז דאָס, קענען אים גופא, פון אַ חטא
ווי אַ וואָגיקער באַווייז וועט דינען.

און יענע וועמען ס'האָט נאָך אויסגעמיידט
דאָס אומפאַרמײַדלעכע לעת-עתּה
און ווייסן ניט,
צי פאַרן זון דער טאַטע,
צי פאַרן טאַטן גאָר דער זון
וועט ווערן ווײַט
אָוועקגעפירט — צו אַנוועד און צו שאָדן...
זיי זיצן דען ניט נאַכט נאָך נאַכט
בײַם לאָדן
ווי איך, ווי דו געזעסן ביסט צעשטרײַט —
און אָנגעשפּיצט ס'איז צו דער גאַס
דער אויער,
און דערציטערטע
פון מינדסטן סקריפּ בײַם טויער,
גלײַך געקומען ס'איז נאָך זיי
די „שוואַרצע קראָ"
פון עקבערנדע אַנגסטן, ביז באַגינען
ווער עלטער ווערט און סאָווע-גראָ
און ווער גערירט פון זינען...

אָ, גלייב מיר פרײַנד, ניט שעלטן כ'וויל,
דעם טאָלק
פונעם געשעענעם פאַרשטיין כ'וויל בלויז,
ניט מערער;
וואָס גורם איז דעם מיסטרוי צו דעם פאָלק
אַז יעדער,
פון פּראָפעסאָר ביזן גאַסן-קערער
פאַרלוימדט קאָן ווערן פּלוצעם, אין פאַרראַט
באַשולדיקט אַ שׂונא און פאַרשווערער...
פון וואַנען שטאַמט דער קרענקלעכער חשד
צו יעדערן, בין נײַגעריק איך וויסן,
גלײַך אַלע מיר אָט דאָ וואָלטן געהאַט

אויף אַן אמת טאַקע
א שווערע זינד אויפן געוויסן...
גלײַך אָפּפרעגן
דערוועגט זיך
דעם פאַרשטאַנד,
די גרויסקייט פון אַט דעם וואָס ס'האָט
דאָס לאַנד
זיך פאַר א גאָט געמאַכט
(און דאָס באַטײַט מרידה)
און דערפאַר איר שטראָפנדיקע האַנט
אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז ס'האָט
נעמעזידע...

וואָס האָט געטראָפן פרײַנד מײַנער,
איך פרעג,
טרייסטלאָז און צערודערט ביזן דעק
מײַן האַרץ מײַן אַלטס אין קלעם איז
פון ספקותן פון האַרבע און פון שרעק
ניט נאָר פאַר זיך אַליין,
נאָר פאַרן אמת
וואָס האָט אויך אונדז אין יענע ווײַטע טעג
פון ליכטיקסטן, פון לויטערסטן דערשיטער
די טיר ברייט אויפגעעפנט צו דער וועלט
און האָט באַלעבנדיק אין די געמיטער
מיט גרויסער ברידערשאַפט,
וואָס אונדז געפעלט,
זי האָט פון תמיד אָן אַרײַנגעהעלט,
אַרײַנגעקוועלט
און חשיבות אונדז
און אויך געוויכט געגעבן, —
— אומגעריכט,
פאַר וואָס געוואָרן איז פאַרשמעלט

דער האַפּערדיקער שטראָם
פון אונדזער לעבן?..

פאַר וואָס? פאַר וואָס?
נעם קלערן איך פון דעם
וואָס איז אויף אונדזער גורל אויסגעפאַלן,
קומט שפּאַניע אויף,
קומט אויף קידוש-השם,
און פּאָרטוגאַליע,
און רוים,
און רשעים-קאַרדינאַלן,
קומען אויף די גרויל-נסיונות פון אַ מאָל,
זעונגען פון עבר וויַיטן,
בעטן זיך פאַרגלייַכן אָן אַ צאָל
מיט דעם וואָס ווידערהאָלט זיך
אין די נייַע צייַטן,
וויַיל פון לאַנגסטיקן פּישוף-מאַכערין-געיעג,
פון שייַטער-הויפנס,
גירוש
און פּאַרטיליק,
ביז דעם וואָס הייַנט געשעט, איך פרעג:
פאַראַן דען ס'איז אַ חילוק?..

זיכער,
אונדזער וועלט איז עפּעס ניט בקוו,
מה-נשתּנה, פרעג איך, מה-נשתּנה?
וואָלט הייַנט געלעבט דער פויערישער גראַף,
יענער גאון פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ,
וואָלט אויך ער געוועזן טויב און שטום
צו דער רישעות, דעם פאַרדאַרב, דעם ליגן,
וואָלט ניט אויפגעריסן ער מיט לייבנברום
די מידבר-שטילקייט אין קעניגרייך דעם היגן?

וואָלט דער יושר־מאָנער, יענער איידעלער רוס,
וואָס געטרייסלט האָט אַ מאָל דעם אַלטן
פוילן טראָן פון רישעות און פון זנות,
זיך אויך ווי אַלע הײַנטיקע באַהאַלטן
אונטער אַ האַרטער, ביינערדיקער שילד,
ניט אַ געשריי געטאָן ווי דאָן, ווען ווילד
מ׳האָט אָנגערייצט די אונטערוועלט געניטע,
און ס׳האָט די אָרגיע פון בלוט זיך אָפּגעשפּילט
אין דײַן קעשענעוו,
די גרויסע יידן־שחיטה...

און וואָלט דאָס האַרץ ניט אויפגעבראָזט
פון מוטיקן, פון שטאָלצן שטורעם־זינגער,
וואָלט ער ניט אַ קלאַפּ געטאָן מיט פויסט
פון אַ בורלאַק
אין טיש פונעם באַצווינגער?

געווען דאָך ס׳זענען מענטשן אין דעם לאַנד,
מענטשן, מענטשן
(זכרונם, כ׳זאָג, לברכה),
זיי אויך הײַנט מיט דרך־ארץ מע דערמאָנט
ווי דעם געוויסן פון עפּאָכע...

און היינט?
פאַר וואָס הערט מען ניט איין קול
אַ דונער טאָן אַקעגן דער געוואַלד דער גראָבער?
ווו זענען זיי, די געהאַרטעטע ווי שטאָל
אין די רויטע פלאַמען פון אָקטאָבער,
וואָס געבראָקט דעם אינטערווענט
מיט שווערדנשאַרף,
מאַכנאָ געניעריקט און פּעטליורע, —
צי מיינען זיי אַז ס׳גייט ווי עס באַדאַרף

אַלצדינג אין לאַנד,
אַז אַלץ איז דאָ כּשורה ?..
אָדער זיי אַליין, וועמען מיט רום געקרוינט
עס האָט דאָס פאָלק,
אין לעגענדעס זיי פאַרשפּונען
(דער אַכזר קיינעם דאָך ניט שוינט),
אַז ס׳זאָל אויך זיי די צרה ניט געפינען —
פאַרבײַסנדיק די ליפּן מיט די ציין
זענען ווי די מוילוואָרפן
אין אונטערערד אַנטרינען,
אַרײַנגעגליטשט זיך אין זיך אַליין...

איכה ?
ווי אַזוי האָט טרעפן דאָס געקענט ?
אַ תשובה, אַ באַשייד כ׳וויל הערן
אויף מײַן ספק וואָס פאַרצערנדיק מיך ברענט.
מיט וואָס, מײַן פרײַנד, וועסטו מיר דאָס דערקלערן,
דו, וואָס רק אַ זכות געפינען זיך באַמיסט
אויף אַלע קרומקייטן
און עוולות אומגעריכטע,
כאָטש ס׳האָט דיך אויך
מיט אַלע גלײַך,
אומזיסט,
אין מיסטקאַסטן אַרײַנגעשלײַדערט
די געשיכטע ?..
— — —

יאָ, כ׳בין לאַנג געווען מיט אים צוזאַם
אויף דאָרנוועג אין צײַט
פון צער און צאָרן,
און זײַן קול טיף טראַגיש,

ווי אַן אַלטן שראַם
טאַפּ איך אַן אויך היינט אין מיין זכּרון...
אַ מקונן־קול איז דאָס געווען,
און כ׳זאָג:
ניט פאַר זיך אַליין,
ווייל ס׳איז אים טראָגן
באַשערט געווען דעם אַרעסטאַנטן־ראָק,
געטאָן דער דיכטער האָט דאָן קלאָגן,
נאָר פאַר די ברידער־זינגער
פון גאָר הויכן ראַנג,
וועמען ס׳האָט אין מיטן פון געזאַנג,
ניט פאַרטויבטן פון קיין שום געוויטער,
די האַק געטראָפן ווי אַ דונערקנאַל,
אַז ס׳האָט פון זייער רוישנדיקן פאַל
דער ערדקויל געטאָן ביז טיפעניש אַ ציטער...
און זיין פּנים מיט דער הויט
גראָ געטונקלט, אַש,
צו דער וואַנט פון מיר האָט אָפּגעקערט ער
און מיט כליפּ געמעמלט:
יתגדל ויתקדש,
מיט אייגענע, פון אים
ערשט צוגעטראַכטע ווערטער...

און זיכער כ׳בין:
ווען ער וואָלט ניט געווען
אין וועלט אין בעסערער אַריבערטרעטן
אומפאַרהאָפט, ווי ס׳איז מיט אים געשען,
וואָלט לידער, ווי אַ מאָל,
ניט געשליפן מער זיין פען
דעם אויער פון די פיינשמעקער צו גלעטן,
ניט עלעגאַנט געטאַקטע, שפּילעווודיק און בונט,

נאָר אַזעלכע וואָס זיי וואָלטן ווי זײַן ווּנד
געשמאַרצט,
וואָס וואָלטן ביזן גרונט
דעם ליגן
און דעם מענטשן-גלײַכגילט
פלעטן...

## דער וועג צוריק

נאָך יאָרן ביטערע פון אַפּקום-גלות
אין צפון-קאַנט, דעם קאַנט פון בייזן רום,
ווו אַנגעשלייַפּט דער שטורעמווינט
ווי שטאָל איז,
וואָס פאַרטױבט דעם מענטשנקרעכץ
און זייערע קללות —
אַהיים, אַהיים איך קער מיך ענדלעך אום...

מיט אַ בילעט אין טאַש, אין קאַזיאָנער קליידונג
(כ'האָב זי פאַר די יאָרן כּשר מיר פאַרדינט)
איך קער מיך אום פון פראַסטיקער עקידה
באַשערטע מיר פאַר ניט-געדאַכטע זינד...

איך פאַר, פאַרשטייט זיך, אין דעם „אַלגעמיינעם",
צווישן פּראָסטע מענטשן תּמיד איז מייַן אָרט,
נאָר איידער כ'זעץ אַוועק זיך,
מייַנע שכנים
באַלד דערקענען אַז איך קום פון „דאָרט"...

פון דאָרט, פון דאָרט,
דאָס וואָרט דאַרף ניט קיין פּירוש,
מסביר זייַן ניט נייטיק,
ס'איז דאָך קלאָר:
פון לייַדן, ס'הייסט, פון תּפיסה,
גירוש,
מיט וואָס געפּרווּט געוואָרן ס'איז מייַן דור...

אַ פּנים, אַז עס ליגט אַוועק אַ שטעמפּל
דאָס לעבן דאָרטיקע אויפן געשטאַלט,

אַז אַפילו בײַ דער סומנער שײַן פון לעמפּל
וואָס שאָטנט נאָר, דערקענען זיי מיך באַלד...

מע רינגלט מיך אַרום,
כ׳בין ניט קיין שווײַגער
און ליב אַ שמועס
וואָס וועבט זיך שטילערהייט,
מײַן האַרץ זיך ציט מיט ליבשאַפט, נייגער,
צו מענטשן תּמיד,
זיך אָפּצוגעבן גרייט.

און זיי באַמיִען זיך מיר עפּעס זאָגן
מענטשלעך־וואַרעמס,
וואָס גייט פון ריינסטער טיף,
מיר באַגוטיקן פאַר אַלע עוולות, פּלאָגן,
וואָס באַשערט געווען אומזיסט
מיר איבערטראָגן
(און פאַר דעם כ׳האָב אַ פּאַפּירל
אויף דער האַנט געקראָגן
וואָס היטן כ׳וועל עס ווי אַ יִחוס־בריוו...).

און זיי פאַרבעטן מיך פון מאַלצײַט צו געניסן
היימישלעך, ווי דער שטייגער איז אין וועג,
כ׳האָב דאָך אין מויל נאָך ניט געהאַט קיין ביסן,
און זײַן מע דאַרף דאָך פּשוט אָן געוויסן,
בײַ אַזאַ געלעגנהייט ניט כאַפּן אויך אַ לעק.

און איידער וואָס שטייט אויפן טיש אַ פלעשל
(„מאָסקווער״ הייסט עס)
און אוקראַיִנער ווורשט,
און ווער דאָס נוצט, דער ווייסט:
ניט לעשן,
נאָר ברענענדיקער ס׳מאַכט דעם דורשט.

און איך בין מודה זיך,
כ׳בין אַ מפונק,
טרינקען בין געוווינט איך מיט אַ מאָס,
כ׳בין געוואַקסן אין אַ לאַנד אַ זוניקס
און ליב כ׳האָב דאָס געטראַנק
וואָס שוימט אין גלאָז...
וואָס קרעפטן גיט און שמעקט
— איר האָט געטראָפן —
מיט אַלע וווּנדער-ריחות פון מאָלדאַווער ערד,
אויף וואָס געבענטשט די זיידעס האָבן
בורא פרי הגפן
איידער ס׳גלאָז אין האַלדז איבערגעקערט...
— — —
איך פאָר אַהיים. ס׳גלייבט זיך ניט,
כאָטש מאָלן
זיבן יאָר כ׳האָב מיר געמאָלט דעם נס;
ס׳לויפן שווינדלענדיקע סאַפּקעס,
וועלדער,
טאָלן,
אַקעגן סאַפּענדיקן, טראַנססיבירישן עקספּרעס...

הינטער אונדז ז׳די טײַגע שוין פאַרשוווּנדן.
דרײַ מעת-לעת די ווײַט איז שוין די באַן
פון דאָרט,
פון וואַנען הײַנט
מיט ניט-פאַרהיילטע וווּנדן
אַהיים, אַהיים איך קער צוריק מיך פאָרט...

די רעדער אויפן קסילאָפאָן פון שפּאַלעס
שפּילן אויס איינטאָניק זייער גאַנג,
בעריאָזקעלעך — ווײַס-פעכלענדיקע כּלות
פלאַטערן אַדורך ציטערדיק און באַנג...

ווי שיפורלעך אַ ווינטל אַ פּל-בּוניק
וואַלגערט זיך אין וועלקנדיקן גראָז...

איך קוק אַרום מיט קינדערישער שטוינונג.
ניט געוווּסט כ׳האָב וויפל יאָר דעם עונג
פון רחבות העלער אונטער אַכזר-שלאָס,
פון אויפגעקנוילטע,
פריַי לויפנדיקע וועגן,
פון טיַיכן צווישן ברעגעס שטייניקע ווי שטאָל,
וואָס געדענקען נאָך די איבערפאַלן און געיעגן
פון די טאָטער-האָרדעס און די האָרדעס פון מאָנגאָל...
אַרום וועלכע מעשׂיות, וווּנדערלעכע סאַגעס
געשאַפן ס׳האָט דאָס פאָלק —
איין שלמותדיקער גוס...

נאָר באַשווערט איז מײַן געמיט אַצינד פון דאגות,
פון ניט איַינגעשטילטן גרימיקן פאַרדרוס;
אין מוח קריכן טראַכטונגען און פראַגעס
אויף וועלכע געבן זיך אַן ענטפער כ׳מוז...

און איצטער וואָס? וווּהין?
אויף אָנצוהייבן
אַ נייַעם קאָן פון אָנהייב, וועט דיר מוט,
עקשנות קלעקן, אויסדויער און גלויבן?
דו האָסט שוין אויסגערעכנט ניכטער דעם מאַרשרוט
צום לעצטן ציל פון אַלע דײַנע צילן?
ביז מינדסטן פּרט שוין אַלצדינג אויסגעקלאָרט
אין געדאַנקען-גאַנג, אין די געפילן,
אויך אין דייַן ניט-דרימלענדיקן וואָרט
וואָס מיט ליגן ניט פאַרטראָגט קיין פּשרה?
טוט ניט ווי אַ פויגל אַ ציטער אַ געדאַנק,
אַז אַרויסלאָזן ס׳קען נאָך אַ מאָל פּאַנדאָרע

פון איר קעסטעלע אַ נײַ צרה
וואָס אין וועג קאָן דיר זיך לייגן
ווי אַ שלאַנג?

אַהיים, אַהיים, מיט האַרץ געניכטערט וואַכן,
וואָס ווייסט שוין צו די פּראַגעס אַ באַשייד,
איך פאָר, איך פאָר.
מיט פאַרסאַפּעט פּראַכן
שפּאַלט דער צוג די שטרעקעס
מיטן שנויץ זײַן פלאַכן,
ווי דער וואַלפיש וואָס דורך כוואַליע־גליבעס גייט...

נאָך יאָרן ביטערע פון אַפּקום־גלות
אין צפון־קאַנט, דעם קאַנט פון בייזן רום,
ווו אָנגעשלײַפט דער שטורעמווינט ווי שטאָל איז,
וואָס פאַרטויכט דעם מענטשנקרעכץ,
און זייערע יללות —
אַהיים, אַהיים. איך קער מיך ענדלעך אום...

# אומגעקערט פון וואַנדערונגען

מײַן שטאָטס פּאַרטאָגיק אָפּגעדעקטע לענד
קושט מיט טוי־אָטעם דאָס ווינטעלע פאַרשײַטע;
איך שפּרײַז דורך אירע גאַסן — פאַרביטן,
נאָר דערקענט —
אומגעקערט פון וואַנדערונגען ווײַטע.

פון בלאָנדזשענישן,
וואָס כ׳האָב זיי ניט געוואָלט,
אומגעקערט צו אירע היימלעך ליבע שוועלן,
איך גיי אַרום אינעם באַגינען־גאָלד
ווי אומצוגיין ס׳איז פריִער מיר געפעלן...

איז וואָס, אַז ניט געשטאַנען
ס׳איז מײַן וויג דאָ הי...
נאָר דאָ די פליגל אומדערפאַרענע
צום סטאַרטן
אָנגעהויבן איבן פיבערדיק כ׳האָב פרי
מיט דראַנג מיט אײַנגעשפּאַרטן.

דאָ אָפּגעבריט די צונג בײַם דיכטונגפלאַם,
און דאָ צו מײַן באַרוף
כ׳האָב אָנגעהויבן זוכן
דעם פישופדיקן, זעלטענעם סעזאַם,
דאָס שיידוואַסער צו מײַנע יונגע ווידערשפּרוכן...

צו לאַנג, צו לאַנג
בין איך געווען אין וועג,
נאָר איך דערקען די היימיש זיסע אַראָמאַטן,
ווי אַ מאָל, נאָך לאַנגער וואַנדערונג איך פלעג
דערקענען זיי אין שטיבל בײַ מײַן טאַטן.

און אין פלאָנטער
פונעם געסלעך־לאַבירינט,
ווען עס וואָלט אין פײַער ניט אַנטרונען,
וואָלט איך מיט פאַרמאַכטע אויגן
אויך אַצינד
יענץ הויקערדיקע געסעלע געפונען...

יענץ הײַזעלע, ווו מ׳האָט אַ מאָל די טיר
לויט אַ סודותפולן שפּרוך מיר אויפגעשלאָסן —
דאָרט מ׳האָט באַזינט נאָך גערעכטיקייט
מײַן גיר,
מיט אינהאַלט אָנגעפילט
די ייִנגלשע פאַרדראָסן.
אַ ריכטונג אָנגעמערקט
פאַר צעטומלטן געדאַנק,
אַ טראַכט פאַר אַלע בענקשאַפטן
ניט קלאָרע,
דאָרט מ׳האָט געוווּסט אַז דאָס
וואָס איז געשען מיט מיר
ניט לאַנג,
איז אַ מיספאַרשטייעניש,
אַ בילבול נאָר,
אַ צרה...

דורך די גאַסן פון מײַן שטאָט איך גיי און גיי,
מײַן שטאָט, מײַן יפת־תּואר,
און כ׳קום צום בנין צו פונעם ליציי
ווו כ׳האָב געלערנט אין מײַן קינדהייט רויער...

צעטראָגן פון דערמאָנונגען
איך שטעל מיך אָפּ
און כ׳הער: די ביימער דאָ, די גרינע

זיי שעפּטשען מיר מיטן באַקאַנטן טראַפּ:
„קוואַסקווע טאַנדעם קאַטילינאַ”.

אַ האָפענונג אין מאַמעס האַרץ האָט דאַן געבליט:
אַ זון וועט האָבן זי אַ דאָקטער,
נאָר ער איז ווי לבנה־קראַנק
גאָר נאָכגעגאַן דעם ליד
פון אַ וווּנדער־זעונג
אַ פאַרלאָקטער.

און אַ וווּנדערטרוים
געטראָגן דורך דער שטאָט
און אַ סוד,
— ער איז אויך היינט נאָך גילטיק —
פון אַן אונטערערדלער דאָ,
וווּ מיט זיין צפון־לירע ס׳האָט
דער רוסישער געני געפּראַוועט
די עקזילטעג...

גיי איך דורך מיין שטאָט, פאַרביטן
נאָר דערקענט,
אומגעקערט פון וואַנדערונגען ווייטע! —
זייט זשע מוחל מיר דעם ציטער אין די הענט,
און די בליקן מיינע
נחתדיק צעשטרייטע...

## די בושלען וועלכע האָבן אין געמיט

די בושלען, וועלכע האָבן אין געמיט
דעם אָנדענק פון די היימטיי‌ַכן פּאַרהיט,
די דערפלער פרידלעכע
מיט קלויסטערס אין דער מיט,
די אויסגעוויי‌ַסטע שטיבלעך
מיט נעסטן אויף די קוימענס, —
זיי קערן זיך שוין אום אין אונדזערע מקומות,
און צו מענטשן נאָענט און צום סטאַוו,
ווו דאָס שווייבלדיקע, קלעפּיק-העסלעכע באַשאַף
רייַסט די שטילקייט אויף מיט קוואַ
מיט מאָנאָטאָנעס,
דערקענענדיק פון אַלטן ווינאַרט די סימנים,
ווי פּירות-קוישן די נעסטן שוין מע פלעכט,
און וועלכע ווי די גרינע פרעשלעך אין די נעכט
אַרייַנשפּרינגען עס וועלן צאַפּלדיקע שטערן...

און מיר ווערט טרויעריק ביז טרערן
ווען די בושלען כ׳זע בייַם האָריזאָנט
אויפשנייַדן דאָס בלויע טוך פון הימל...
זייער אומקער מייַן מאַמען מיך דערמאָנט.
זי האָט געגלייבט אַז פון לאַנגיאָריקן געווימל
מיט זיי אין איינעם זיך אומקערן איך וועל
ריינגעוואַשן פונעם בילבול,
פון די שקרים...

אין אַלטן שאַל אויף נידעריקער שוועל
מקבל־פּנים זײַנען די געסט פון דרום
פלעג זי אַרויסגיין, קליין און אײַנגעדאַרט,
און ווי עס קאָן אַ מאַמע, גלייביק אײַנגעשפּאַרט
געוואַרט אויף מיר,
זיך אָבער ניט דערוואַרט...

אָפּגעזוכט כ׳האָב קוים איר וווינאָרט צווישן קברים...

# אויף מײַן מאַמעס קבר

איך זע אַזאַ דיך איצטער, ווי איך האָב
צום לעצטן מאָל געזען
מיט בליק דײַן זקניש מאַטן,
ווען מיט קלײנע הענט מײַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ
אַרומגענומען האָסט דורכן געפּלעכט פון קראַטן
און געמורמלט עפּעס, צי געבענטשט מיך גאָר
ווי בײַם בענטשן ליכט, פאַרזשמורענדיק די אויגן,
און דעם גערוך פון דײַנע ווײַסע האָר,
ווי אַ מאָל דײַן מילך, אין זיך אַרײַנגעזויגן.

האָב איך דען געאַנט שוין אַז מיט דיר
איז די לעצטע טרעפונג פון גורל מיר געגעבן?
אַז אין גיכן וועט זיך מיט אַ בייז געקליר
די בלינדע טיר פאַרהאַקן פון דײַן לעבן?
און דערפאַר געטאָן פון טיף אַ שפּאַר
האָט ווי לאַווע אומגעצוימט
דער ווייטיק פריסיק?
און דורך טרערן געשטאַמלט כ'האָב דערפאַר
אין אַנמאַכט עפּעס און ווי גסיסהק,
גלײַך כ'האָב זיך פאַרענטפערן געוואָלט
פאַר מײַן יונגן חלום,
פאַר מײַן הויכער שטרעבונג,
גלײַך פאַר דעם וואָס כ'האָב צו שיין געמאָלט
די צוקונפט דיר,
וואָלט בעטן איך פאַרגעבונג...

כ'האָב ניט געזען פון קיין אָדערל אַ צוק
אויף דײַן געזיכט. כאָטש טיף געליטן,
ביסטו שטאָלץ געווען און קלוג
און פעסט געגנוג
כדי די דרויסיקע רויִקייט פאַרהיטן.

זיך געהאַלטן ווערדיק, ניט געוויינט.
האָסט נאָר געזאָגט:
(דײַן קול ביז איצטער הער איך)
„איך ווייס, מײַן זון, האָסט ניט אַזוי געמיינט,
זיך פאַרגעשטעלט האָסט בעסער אַן אַן ערך
דאָס לעבן און די וועלט צו וועלכער האָסט
נאָך גאָר אַ יונגיטשקער, אַ רויער,
מיט יונגן פלאַם און אייפער
זיך אַוועקגעלאָזט
און אָנגעקומען הינטער אַ־דעם טויער...

אַ דריטער, וואָס געהיט מײַן אָטעם,
איז
געשטאַנען בײַ דער זײַט — אַ לעמפּערט,
און דורכגעשטאָכן ווי מיט אַ בלאַנקער שפּיז
אונדז האָט זײַן בליק באַזויפן־טעמפּער,
ער האָט אַ ברום געטאָן מיט אַ געבייזער, גראָב:
„אַ סוף. גענוג. דאָס גאָגערן פאַרענדיק!"
און דורך די קראַטן פון מײַן שטײַג איך האָב
געזען אַוועקגיין דיך,
אויף שטענדיק...

אין מיטן וועלט ביסט ווי אַ קינד אין וואַלד
מיט דײַנע צרות איין אַליין געבליבן,
ס'האָט דער יִיאוּש זיך אויף דײַן געשטאַלט
טאָג נאָך טאָג ציקלענדיק צעשריבן...
ניט אויסגעהאַלטן דעם אַכזריותדיקן פּרווו,
זיך אײַנגעבראָכן פון צרות־עול די אַקסן,
און קיינער פון די זין, וועלכע האָסט
אויפגעוואַקסן,
איז ניט געווען,
אַז זיי דײַן קליינעם גוף
זאָלן אַרויסטראָגן פון שטוב אויף זייערע אַקסל...

איצטער קום איך פון דער ווײַט צו גיין,
אַן גלויבן אין מײַן האַרץ
און אויך אָן צווייפל,
און אַ בינטל בלומען, אַזעלכע וואָס אַליין
פאַרזייען פלעגסטו פרילינג אין דײַן הייפל,
לייג איך אויף דײַן פראָסטן צאָם אַוועק
אונטער וועלכן האָסט פאַרטײַעט זיך ווי אין אַ קעלער —

זײַ מיר מוחל מײַן בלאָנדזשנדיקן וועג,
מײַנע אַלטע זינד און מײַנע פעלער...

קאָן זײַן ס'איז בעסער וואָס דו האָסט אַהער
אין אַ־דער צײַט אַריבער זיך געקליבן,
ווייסטו ניט אַז אומגיין ווי אַ גר
ס'איז אין אָט דעם לאַנד מיר אָנגעשריבן...
און ניט דערפאַר ווײַל כ'האָב ניט ליב
די ערד,
צי אומזיסט צו פיל אויף איר געליטן,
נאָר דערפאַר ווײַל אַלץ איז עפּעס דאָ פאַרקערט,
ניט ווי ס'האָט אין אָנהייב זיך געשניטן...
ווײַל די האַנט וואָס מ'האָט אונדז אויסגעשטרעקט
דאָ ברידערלעך אַ מאָל
האָט זיך צוריקגעצויגן,
און ווײַל מיט מיסטרוי ס'האָט צו אונדז פאַרשמעקט,
און ס'האָט דער האַס זײַן נאַקעטקייט אַנטפּלעקט
(וואָס אונדז פאַרדריסט שוין ניט —
אונדז שרעקט)
און די פאַרדינסטן אונדזערע
זיי ווערן אויסגעמעקט,
וואָס האָבן, ווי באַוווּסט,
גאָר שווער געוווגן...

אַז געוואָרן ס'איז דאָס חלום-לאַנד מיר באַנג,
דעם טאַטנס חלום-לאַנד,
ווזהין ניט מיטגעגאַנגען.
און מיטן האַרץ,
אַ שולדיקער,
פון מײַן פאַרקרומטן גאַנג
איך קער מיך אום צו אים,
אָבער דער וועג איז לאַנג,
און כ'ווייס ניט צי איך וועל
צו אים אַ מאָל דערלאַנגען...

איך זע דיך איצט אַזעלכע, ווי איך האָב
צום לעצטן מאָל געזען
מײַן האַרציק ליבע זקנה,
דאַכט זיך מיר, אַז נעמסט אַרום מײַן קאָפּ
מיט דײַנע הענט די קליינע...

## געהאַלטן מיך שוין פאַר אַ ניפטר

געהאַלטן מיך שוין פאַר אַ ניפטר מ׳האָט.
די פרײַנד מיט צער האָבן דאָס אויפגענומען.
און מ׳האָט געקלערט אַז ס׳איז מיר ווי אַ גנאָד,
און ווי אַן אויסלייז נאָר דער סוף געקומען
פון גרויזאַמער, פון ניט-פאַרדינטער פּײַן,
און „זאָל פון אונדז ווײַט אָפּגעשיידט ער זײַן״ —
מ׳האָט זיך געזאָגט דערמאָנענדיק מײַן נאָמען,
און ביסלעכווײַז, ווי זאַמד אין שטילע שטראָמען,
האָט דער צער אין האַרץ זיך אָפּגעזעצט.

יאָ, יאָ, כ׳בין שוין נישטאָ, האָט מען געהאַלטן,
אַז דאָרט אין יאָמערטאָל דעם קאַלטן
מײַן וועג האָב איך שוין דורכגעשפּאַנט ביז לעצט,
און אַ פרײַנד, וועלכן כ׳האָב טיף געשעצט,
האָט אין ניו-יאָרק, ווו׳הין אַריבער זיך געקליבן,
אַ נעקראָלאָג אַפילו שוין געשריבן,
און אין זײַן יעדן אויסגעציקלט קלוגן אות
צוזאַמען מיט די טרערן האָט אַרײַנגעטריפט ער
זײַן מאַנצבילישע צאַרטקייט אַן אַ מאָס,
זײַן קלוגע גוטסקייט צו דעם ניפטר...

נאָר מיר געקלעקט האָט כּוח בײַצושטיין
דעם פּײַן,
דעם שפּאָט,
און אַל דאָס בייזן.
איך לעב! און ס׳אַרט אײַך ניט, איך מיין,
וואָס דיווירקלעכקייט געפונען האָט אַן אַנדער לייזונג
ווי איר, וואָס האָט שוין מײַן געביין
דער צפון-ערד דער פרעמדער אָפּגעגעבן...

מײַן מאַמע, ווען זי וואָלט געווען דערלעבן,
וואָלט מיר געזאָגט:
„עס דיר ניט אָפּ די גאַל.
פאַראַן בײַ ייִדן צו אַזאַ מין פאַל
אַ ווערטל וואָס דעם חן ניט אָנגעוואָרן:
זיי האָבן, זון, פאַרלענגערט דיר די יאָרן"...

## די מאַמע

און ווידער, ווידער קומט מיר אויפן זין
דאָס שטעטעלע בײַם טײַך צעקלויצעט־טריבן;
און איך דערזע ווי דורך אַ דורכזיכטיק געשפּין
די שטוב ווו אויפגעוואַקסן איך אין דחקות בין,
די היים מײַנע
(צו ווייניק כ׳האָב פון איר געשריבן),

און איך דערזע מײַן מאַמע,
זי קריכט אַרויס פון בעט
ווען ס׳גראַבלט ווי אַ שפּער אין שויב
דער מאָרגן־שטערן;
זי האָוועט אומדערמידלעך ווי אַ מערעשקע ביז שפּעט
און צו די זין זי קלערט, וואָס פון די ווײַטע שטעט
אַליין זעלטענער זיי לאָזן פון זיך הערן...

די יינגלעך אירע — אין דער גרויסער וועלט
פאַרפירט האָט זיי ניט פון גאָלדזוכערס דאָס פיבער,
געוועזן פון שענסטן חלום זענען זיי באַזעלט,
דערפאַר מיט לײַב איר שוואַכן ניט פאַרשטעלט
זייער וועג, ווען זיי די שוועל זענען אַריבער.

וואָלטן איר אַ בריוו אַ ביסל אָפטער נאָר
פון וואָגל־פרעמד געשיקט די היצקעפּ ביידע...
זײַן פאַווע גאָלדענע געפונען האָט דער בכור?
דער צווייטער מיט דער פרייד
פון זײַן אַנטפּלעקטער וואָר,
צי גייט ער ניט אַליין אַקעגן זײַן עקדה?

זי האָט געוווּסט: זיי טראָגן אין געמיט
די שטרעבונגען צו גוטס, פון גוטס דעם זאָמען,

ווי דער טאַטע אויך, דער אַברך משי־ייִד,
און זיכער ז'איז געווען: ס'וועט קיין מאָל ניט
פאַרשעמט ווערן פון זיי זײַן גוטער נאָמען...

זי האָט געוווּסט: זיי האָבן אויך פון איר
געכאַפּט אַ סך, צו איר זיי זענען ענלעך
אין אויסדויער,
אין שטאָלץ,
אין לעבנסגיר,
און קומען אויב עס וועט אַן אומגליק צו דער טיר,
ווי זי זיי וועלן ווערדיק זײַן און מענלעך...

אַ ים זי האָט אין זיך געטראָגן מיט געדולד,
די מוטער־צאַרטע האָפענונג
ניט אויפגעגעבן;
און ניט אין זיי זי האָט געזען די שולד
וואָס ניט געוואָרן ס'איז איר האָפענונג דערפולט...
און ווען איר וואָלט באַשערט געווען דערלעבן
דעם אומקער זייערן פון ווירבל וואָס געדרייט,
פון עלנט,
פײַן,
פון ניט געוואָלטער איבערלעבונג,
וואָלט זי אַרויס צו זיי אין אָפּגעניצטן קלייד
און צו איר דאַרער ברוסט, אַזוי ווי קליינערהייט
געטוליעט זיי — אָ, ניין,
אָן שאַרפע מוסר־רייד,
נאָר מוטערלעך, מיט ליבשאַפט און פאַרגעבונג...

*

אַרײַנגעקוקט פֿאַר נאַכט איך האָב אין גלאָטן,
שפּיגלדיק געשליפֿענעם וויטרינע־גלאָז
און דערזען כ'האָב פּלוצעם דאָרט מײַן טאַטן
שטיין אַקעגן מיר מיט פּנים איידל־מאַטן,
אין נעאָנשײַן וואָס געל און בלוי און ראָז
גערונען איז פֿון די פֿאַסאַד־קאַרניזן...

ער האָט זיך מיר פֿון לאַנג שוין ניט באַוויזן —
האָט ער געקוקט אויף מיר מיט צאַרטקייט אָן אַ מאָס
פֿון זײַנע סאַמעט־אויגן ערנסט־קלוגע, וואָס
אי גלעטן שמייכלענדיק, אי ביטער שפּעטן,
פֿאַרטײַענדיק אויף מיר אויך עפּעס אַ פֿאַרדראָס,
אַ האַרבן פֿאַרוואורף ניט קיין אויסגערעדטן...

„האָסטו דערלאַנגט צו דעם צו וואָס געשטרעבט?" —
זײַן קול פֿאַרנומען כ'האָב פֿון ווײַט,
פֿון עבר, —
„אין וועלכן ווירבל ט'דיך דער שטראָם פֿאַרשלעפּט
און אַ שווערן פּרוּוו האָסט דורכגעלעבט
אַז פֿאַר דער צײַט פֿון מיר ביסטו שוין גראָוער...
ס'האָט דאָך געקאָנט מער תּכלית זײַן, מער טאָלק
פֿון פֿליִען דײַנעם? ווען דו וואָלסט מיך געפֿאָלגט,
געווען פֿון לאַנג וואָלסטו בײַ ייִדן אַ שם־דבר,
ווי פֿאַרגעזאָגט מ'האָט דיר צו דײַן דעביוט,
ווען געהאַרכזאַם אויף דײַן אַקסל ס'האָט גערוט
דײַן אומגעשטילטע, פֿלאַטערדיקע שכינה..."

איך האָב צעשמייכלט זיך טיפֿזיניק,
און מײַן מינע

מיר נאָכגעקרומט האָט דער אין דער וויטרינע,
אין דעם אָפּגעשליפן גלאַטן שפּיגלגלאָז,
און כ׳האָב דערזען:
מײַן אָפּשפּיגלונג איז דאָס.
מיט אָפּענעם געמיט, אָן אומפאַרשטעלטער,
געשטאַנען דאָרט אַקעגן זיך אַליין בין איך,
וואָס צום טאַטן מײַנעם כ׳בין מיט יעדן שטריך,
מיט יעדן קנייטש
געוואָרן ענלעך
אויף דער עלטער...

## פאַר וואָס האָט געשוויגן דער נביא?

פאַרשוווּנדן, זאָגסטו, איז די לאַנגע נאַכט
פון אימה, פון בילבולים, פון פאַרדאַכט?
אויסגעברענט איז ווי אַ דאָרנבוש דאָס שלעכטע
וואָס צעשריבן עס ס'האָבן פּאָעטן עכטע,
ווי קדושה נאָר
אין ווייַסע פערזן און אין גראַם?
אויסגעזויגן איז דעם ליגנס טערפּקע סם
פון מענטשנהאַרץ,
פון די פאַרקאַלעכטע געוועבן,
און אויפגעצאַפּלט פון אומגעקערטן לעבן
האָט דער פיל־געפּרוּווטער מאַן
פון זון אויף גרין צעוויגטן לאַן,
פון צעברויזטן פויגלטרעל,
פון צוטרוי־שמייכל אויף אַ פרעמדער שוועל,
פון דער שיינקייט וואָס געלאַקט
אויך אונטער קראַטע,
פון בעטהאָוועגס לבנהקער סאָנאַטע
און פון פרויענלייַב,
וועמעס ריח באַלד דערקענט,
און צו איר מיט פאַרכטיקייט גענענט
און זיך אויפגעלייזט אין אירע אויגן
הייליק מאַטע?

דאָס אַלץ איז אמת. ביסט גערעכט.
נאָר מיך איין פראַגע מאַטערט:
ווען פאַרשוועכט
עס איז געווען דער מענטש,
ווען ער געלעגן
איז אין פּענט געבונדן ווי אַ לאַם,
צונויפגעדרייט אין פּייַן, אין אַנגסטנקראַם —

פאַר וואָס האָט דאָן אויף באַרג
קיין נביא ניט אַרויפגעשטיגן
און ניט אַ שמיץ געטאָן
זײַן קללה ווי אַ פּלאַם ?...

ווו איז ער געווען ?
פאַר וואָס האָט ער געשוויגן ?..

# אַן עמוד ענן

א

מיט אַ מאָל האָט אַלצדינג זיך פאַרענדיקט.
אַ קורצשלום —
אָון חושך איז אַרום;
מ׳האָט מיך אַוועקגעפירט און ז׳האָט געמיינט:
אויף שטענדיק,
אָן פרייד, אָן טרייסט, אָן רום...

די שוועל כ׳בין נאָר אַריבער
און פאַרשוווּנדן,
אַנטרונען שפּורלאָז בין איך, גלײַך
מיט הענט און פיס צוזאַמען פעסט געבונדן
מ׳האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן אײַז
אין טײַך...

און אויס, נישטאָ. ס׳האָט זיך דערוויסן
זי ניט געקענט וואָס ס׳איז מיר
צוגעשפּאַרט,
דאָס לעבן האָט זיך מיט אַ מאָל איבערגעריסן
ווי אַ קינאָ-טאַשמע
בײַם שפּאַנענדיקסטן אָרט...

מײַן גורל איז געווען אויף זיבן שלעסער
פאַרחתמעט,
און זיי אויפשליסן — פאַרווערט.
דאָס ניט וויסן, איר יִאוש נאָר פאַרגרעסערט,
דאָס ניט וויסן —
איר ווייטיק נאָר פאַרמערט...

געשטויסן און געשטופּט אין לעבנס-ווימל,
איז זי געשטאַנען הילפלאָז,
הוילע שרעק,
מיט הענט פאַרבראָכענע צום הימל...

אַזוי־אַ שטייט אַ פישער־פרוי בײַם ברעג
פאַרגליווערט, ווי פון שטיין,
אין אַלטן שאַליק,
און צוגעשמאָלצן איז צום ים איר בליק,
ווען דער שטורעם רעזוועט רציחהדיק,
פילבאַליק,
און מע זעט די פישער ניט צוריק...

ב

אַראָפּגעלאָזט האָט זיך אַן עמוד ענן
צווישן מיר און איר. זי ניט געטאָרט
האָט פרעגן וועגן מיר,
מיך ניט דערמאָנען
מיט אַ צאַרטן, ליבנדיקן וואָרט.

ווײַל דאָס אַליין וואָס נאָענט מיר געוועזן,
וואָס ס'איז איר האַרץ
מיט שײַן געוועזן פאַרפולט,
מיט ליבשאַפטשײַן,
דער אויסשטראַל פון איר וועזן,
מ'האָט צושרײַבן געקאָנט איר
ווי אַ שולד...

ווײַל דאָס אַליין וואָס מיט איר מילך געזויגן
דעם פאַרבײַט ז'האָט מײַנעם, אונדזער קינד,
און אים אין צעגעבונדנקייט

צו מיר דערצויגן,
מ׳האָט צושרײַבן געקאָנט איר ווי אַ זינד...
דער אַכזר האָט געוואָלט זי זאָל אויסשנײַדן
מײַן אָנדענק פון איר האַרץ,
נאָר אײַנגעשפּאַרט,
אויף זיך גענומען ז׳האָט די גרעסטע לײַדן
און געוואַרט, געוואַרט...

און געוואָרן איז זי שטאָלצער, שענער,
פון אַלץ וואָס אויספּרוּוון זי האָט געמוזט,
אין ווײ נאָך מוטיקער,
אין מוט געמענערט,
מיט טרײַשאַפט־פּאַנצער
פאַרשנורעוועט די ברוסט...

אַראָפּגעלאָזט האָט זיך אַן עמוד ענן
צווישן מיר און איר, האָט ניט געטאָרט
זי פרעגן וועגן מיר,
מיך ניט דערמאָנען
מיט אַ צאַרטן, ליבנדיקן וואָרט...

ג

ניט געגעבן קיין צייכן כ׳האָב פון דאָרט,
שרײַבן בריוו איז אונדז געווען פאַרבאָטן,
האָט זי מיך פאַרגעשטעלט זיך
אויף אַן אָרט
וווּ ס׳האָט קיין מענטשנפוס
נאָך ניט געטראָטן...

אָט האָט זי מיך געזען בײַם צפון־קרײַז
(אַלע נאַכט פלעג בײַ דער מאַפּע זי
פאַרזאַמען,

געפּאַרשט די געאָגראַפיע פון לאַנד
מיט פליַיִם
ווי אַ שילערין ערב דעם עקזאַמען...).

אַט מיך געזען גאָר אומגעלומפערט, שווער,
ביימער וואַלגערן אין אורוואַלד
דעם צערווישטן,
ווו ס׳גייט אַרום מגושמדיק דער בער
דער מאַמעטליוועניק
אין זײַנע פוטער־פּוישטן.

אַט זוכן גאָלד גאָר אין אַ וויסטן קאַנט
מיך געזען אין פאָרשטעלונג אין אירער,
אַט מיטן לאָם און רידל אין דער האַנט
אין די אַרצגרובנס סיבירער
ווו אויף קאַטאָרגע, צום טאַטשקע צוגעשמידט,
רוסלאַנדס בעסטע זין האָבן די ערד צעאַקערט,
צו וועמען פּושקין געווענדעט האָט זײַן ליד
וואָס האָט נביאיש
פון זײַן האַרץ אַרויסגעפלאַקערט...

„אין די אַרצגרובנס סיבירער, טיף,
זאָלט דעם געדולד פּאַרהיטן איר
פון שטאָלצן לעבן" —
פּאַרוועדט איז אונדז געווען צו שרײַבן בריוו,
כ׳האָב פון דאָרט
קיין צייכן ניט געגעבן...

ד
ווי יענע פרוי פון הויכן אַדלשטאַנד
די רוסישע, אין עלטער איר צעבליטן,
וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון וווילטיק,

ווי באַקאַנט,
און אויף אָפּקומוועג
אין קאַלטן, ווײַטן קאַנט,
נאָך איר מאַן איז נאָכגעפאָרן אין אַ שליטן...

ווי יענע פרוי (נאָר מיט איין אונטערשייד
וואָס אין דער דער זאַמען איז פאַרזייט
פון מסירת־נפש ייִדישן),
געווען אויך זי איז גרייט
אַ מיידלש־דינע, מיט פאַרפרעסטע אַנגלען,
דורך אַלע אומזיניקע לײַדן,
נויטן,
מאַנגלען,
אין לאַנגן נע ונד נאָך מיר
זיך אַוועקלאָזן אַן מינדסטן וואַקל...

כּדי אין טאָל פון אייביקן געפריר
זאָל מיר איר ליבשאַפט זײַן
אַ לויכטנדיקער פאַקל,
און אין פאַרשמאַכטקייט —
אַ דערפרישנדיקער טרונק
וואָס מיר ער זאָל די האָפענונג אומקערן,
און דאָס געדולד,
און פון געדאַנק דעם שוווּנג,
און דעם גלויבן אַז סוף־כּל־סוף
וועל איך דעם קלונג
פון געגאַרטן איבערבײַט דערהערן...

ה

אַן האָפענונג, פאַרשטויסן,
איין אַליין, אין מיטן פון דעם גרויסן
טויבן כּרך, זי האָט געליטן.

די נאַכט איז לאַנג געווען,
אָן רחמים, וויסט.

דעם נביא מ׳האָט אין קייטן אַ געשמידטן
באַהאַלטן ערגעץ אין אַ גרוב פון מיסט...
אַז ער זאָל קומען אַ צעהעלטער
מיט צאָרנדיקן קול פון שעלטער,
צי מיט נחמו־וואָרט,
האָט מען געוואָרט אומזיסט...

געוואָרן צו אַ טוגנט איז מסירה.
נאָכגעקראָכן איז פאַרדאַכט דעם מענטש
פון יעדער זײַט.
האָבן גוטע פרײַנד די פרײ׳רע
באַגעגנענדיק זי, די בליקן אירע,
אי שולדיק אי דערשראָקן אויסגעמײַדט...
זענען זיי זי שטיל פאַרבײַגעגאַנגען,
ווי זי וואָלט געווען זיי אומבאַקאַנט,
ס׳זאָל אויך זיי חלילה ניט דערלאַנגען
דעם אַכזרס לאַנגע, שטראָפנדיקע האַנט.

אָ, צײַטן פינצטערע, אָ, זײַט!
זענען זיי, אויף זיך ניט אומקערן, אַוועק?
און די נשמה, צעוווּנדיקט און פאַרביטן
פון די נעגל וואָס אין איר זיך אײַנגעשניטן,
קומען קאָן צו זיך נאָך אַלץ וואָס אויסגעליטן,
כּדי אַ נײַעם פּלי און צו אַן אַנדער ברעג
מיט פרישע כּוחות אָנצוהייבן?

ווי ס׳וויל זיך,
און ווי שווער עס איז צו גלייבן...

# איך קען דערוויַיל ניט הערן פון פאַרציַיונג

דו זעסט? איך אומגעקערט האָב זיך
מיטן שטויב פון פרעמדע שליאַכן אויף די שיך,
מיט דער שיַין פון פרעמדע הימלען אויף די וויִעס.
כ'בין ביַיגעקומען אַלע שטרויכלען און מניעות,
ספקותן וואָס האָבן מיך געקוועלט,
דעם פחד און די שאַנד, ווען מיך געשטעלט
דער אכזר האָט,
צוליב פאַרוויַילונג,
אויף די קניִעס.
כ'בין ביַיגעקומען אונטער טויבער וואַנט
אַפילו אים, דעם טויט, וואָס האָט מיט האַנט
זיַין קנאָכיקער צו אָפט באַרירט מיַין שטערן,
וועלנדיק איך זאָל זיך אים ניט ווערן,
זיך איבערגעבן אים אָן ווידערשטאַנד...

זיבן מאָל געביטן זייער רוימגאַנג די מזלות
און ענדלעך, ווי אַ פויגל אין זיַין נעסט,
איך האָב מיך אומגעקערט, דו זעסט,
פון פאַרוואָגלטקייט, פון ניט געוואָלטן גלות,
אַהער ווו ס'איז מיר גוט געווען.
איך וואַרף אַראָפּ פון זיך
די טרויערלאַסט און צו דער שיַין איך קריך,
ווי פון אַ בונקער, פון זיך אַליין אַרויס,
פון דער פאַרטיַיונג,
צו דער וועלט אין איבערוואַנדלונג,
אין באַניַיונג,
איך האָב די שעה פון לינדערונג דערלעבט...
נאָר אין מיַין הארץ דער שאָטן נעכטיקער
נאָך שוועבט
און כ'קאָן דערוויַיל ניט הערן פון פאַרציַיונג...

✡

ניט צו באַרימען זיך, כ'זאָג דיר:
אויך דאָרט,
אויך דעמאָלט,
ווען ס'האָט מיך אַכזריש דאָס לעבן
געוואָרפן, ווי זאָגט זיך עס,
איבערן באָרט,
כ'האָב מיך, מײַן ליבע, ניט אונטערגעגעבן,
האָב איך די זעלישע כּוחות געשפּאָרט,
ווי דורכן מידבר אַ מענטש אין זײַן וואָגל
שפּאָרט יעדן טראָפּן וואַסער אין לאָגל,
אים קלעקן זאָל ביז צום געוווּנטשענעם אָרט...

איך זאָג דיר, מײַן ליבע,
ניט ווײַל אין חן
געווינען בײַ דיר אין די אויגן כ'בין אויסן —
אויך דעמאָלט ווען ס'האָט דער ווירבל מיך דרייען
מיט ווילדקייט געטאָן,
מיך געשלײַדערט,
געשטויסן
ווי אינעם ים אַ צעלעכצטן גערפּעס,
האָב איך געגלייבט אינעם אויסלייזונג־נס
וואָס ענדלעך מקוים ווערט ווערן...
און דו, וואָס דו ווילסט מעגסטו קלערן,
נאָר הײַנט גלייב איך אויך אַז
געשען עפּעס מוז,
עפּעס וואָס כ'קאָן נאָך דערווײַל ניט דערקלערן,
עפּעס וואָס כ'גאַר עס מיט אַלע באַגערן,
און איינס נאָר איך וויל:
דערלעבן דעם זכות
פֿון יענעם יום־טובֿ די בשׂורה דערהערן...

# איך האָב ניט געאַנט

ווען שפּאַסן זי פּלעג מיט מיר,
רייצן מיך קינדיש פאַרשייַט,
ווען שפּילעוודיק־לוסטיק
קאַטאָוועס מיט מיר זי פּלעג טרײַבן,
כ'האָב ניט געמאָלט מיר
אַז ענדיקן קאָן זיך די פרייד.
אַז עפּעס קאָן טרעפן,
אַז עפּעס זיך טאַקע שוין גרייט
און זי וועט אַליין,
אין דער מיט
פון גלײַכגילטיקייט־גליווער
פאַרבלײַבן.

איך האָב ניט געמאָלט מיר,
ווען הויך זיך צעלאַכן זי פּלעג,
ווײַל לויטער געווען איז דאָס הארץ
און פון וואָלקן — קיין סימן,
אַז זיך פאַרקרומען
וועט אומגעריכט ערגעץ דער וועג
און אַ צעווירבלטער טײַך
פול געפאַרן, פול שרעק
וועט ווערן דאָס לעבן פאַר איר,
ניט אַריבערצושווימען...

ווען צודריקן צערטלעך זי פּלעג
צו איר פּנים מײַן האַנט,
צי זוכן אַ שוץ אויף מײַן שויס
מיט איבערגעשראָקענע אויגן,
ווי אַ קינד זוכט בײַ גרויסע אַ שוץ —
איך האָב ניט געאַנט,

אַז פון אַ מעטאַל איז איר האַרץ
וואָס אַפילו בײַם ראַנד
פון פאַרצווייפלונג
וועט עס דער גורל ניט בויגן...

האָב איך ניט פאַרדאַכט,
אַז ס'דרימלט בײַ איר אין ברוסט
און וועט אין געפאַר זיך אַנטפּלעקן,
אין שווערן נסיון,
די קראַפט,
און פון אויסדויער
די עקשנות און לוסט
און דער שטאַלץ און דער מוט,
מיט וואָס זיך גערימט,
ווי באַוווּסט,
ס'האָבן די ספּאַרטעריגס שײנע,
די העלדישע פרויען...

## וואַרט אַ ביסל

מיט דאָרשטיק זוכן, מיט דערקענונגס-גיר
דײַנע אויגן גייען אום, איך שפּיר,
אויף מײַן פּנים און אויך טיף אין מיר.

צום קוואַל פון מײַנע
ניט-פאַרבלאָנדזשעטע געפילן
דערגראָבן זיך זיי ווילן,
געפינען פון מײַן אָפּגעהיטן חלום זיי באַגערן
דעם זאַפטיק פולן קערן
און דעם פײַערשטיין דערזען זיי ווילן ווידער,
פון וועלכן איך האָב אָפּגעשפּאָלטן מײַנע לידער
און זיי דורכגעזיפּט דורך זיבן זיפּן
ביז זיי אַרויפגעבראַכט אויף מײַנע ליפּן...

דײַנע אויגן גייען אום אויף מײַן געזיכט
און די אָפּשײַן זוכן זיי פון יענעם ליכט
וואָס יוירט אויף מײַנע טיפסטע דעקן,
צו וועלכן ס'האָט מיט גאַוועדיקן מויל
ניט געגרייכט דעם יִיאוש
(אין די טעג פול גרויל)
עם אויסצוכלעפּטשען,
עם אויסצולעקן...

וואַרט אַ ביסל,
וועט עס ווידער זיך אַנטפּלעקן.

✡

ס'איז דלת אַמות, ענג אונדזער געצעלט.
נאָר מיט היימלעכקייט און רו דאָ קוועלט
פון יעדן ווינקעלע וואָס זי אַרומגעשטעלט
האָט מיט פּשוטע, מיט חנעוודיקע זאַכן,
זיי זאָלן שענער מיר
דאָס אויסקומעניש מאַכן...

און אַז ניט שמאַרצן, קוועלן ווי עס קוועלט,
ס'זאָל מיך פון דעם וואָס האָט זיך מיר געפעלט
אויף די פאַרקרומטע וועגן מײַנע —
אין געצעלט
האָט מיר די זון אַרײַנגעפירט זי,
דורך די שויבן —
אויפצופרירן מײַן האָפענונג
און מײַן גלויבן...

שמעקט מיט ברידהשאַפט, מיט גרויסן פלײַס
פון יעדער זאַך (כאָטש ניט פון הויכן פּרײַז)
וואָס אָפּגעשפּאָרט זי האָט זיי ביסלעכווײַז...
צי ס'איז דער בלומענטאָפּ אין שיינעם בלי,
וואָס זי באַגיסט מיט ליבשאַפט יעדן פרי,
צי דאָס ביכער־ווינקעלע, מײַן פרידן־האַפן
פאַר דיכטערישער קלערעניש באַשאַפן,
צי דער טיש וועלכן דאָס פרץ־בילד באַצירט
און פון זײַן גײַסטיקייט דער שימער
מײַנע העפטן מיט וואַרעמקייט באַרירט
און צעפליסט זיך אין דעם קליינעם צימער...

# איך האָב געמיינט

איך האָב געמיינט: ס׳וועט אַנדערש זײַן
ווען כ׳וועל קומען אַהיים צו פֿאָרן,
און אויפֿגיין טאַקע וועט יענע שײַן
אין וועלכער ס׳וועט זיך
צעשמעלצן דער פּײַן
פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן.

און כ׳וועל מיט דיר מיך פֿאַרשרײַבן
כּדת,
כ׳מיין לויט די היגע געזעצן,
און איין מאָל, ענדלעך, קיין קרים
צי קאַווקאַז
וועלן טאָן מיר אַ קנאַק
אין ערשטן קלאַס,
ווי מענטשן וואָס קענען זיך שעצן.

מיר זענען נאָך קיין מאָל דאָרט ניט געווען
און ווילן ווילט זיך — פּחדים...
מיר וואָלטן אויך דעם עלברוס געזען,
געקלעטערט אויפֿן היי־פּעטרי,
ווען
ניט קורץ וואָלט געווען דער פֿאָדעם...

איך האָב געמיינט: כ׳וועל קומען צוריק
און דיר אַלצדינג פֿאַרשאַפֿן אַוודאי...
און מיר וועלן ניט גיין
מיט אַ זײַטיקן ליק
און טרוימען,
נאָר טאַקע געפֿינען פֿון גליק
דאָס וווּנדערלאַנד עלדאָראַדע...

און דו וועסט ניט דאַרפֿן, פּונקט ווי אַ מאָל,
ווי זאָגסטו : „זיך פּיצלען די פֿינגער".
איך האָב געמיינט...
נאָר דער וועג איז שמאָל,
און אַרויסקלײַבן זיך פֿונעם טרויערטאָל
איז שווער דעם ייִדישן זינגער.

## פאַר וואָס און פאַר ווען

איך בין אין מײַן שטיבל אַ מידער אַרײַן
און דערזען אין אַ ווינקל אין דעמערשײַן
מײַן מיידל־פרוי שטיין
די ליפּלעך פאַרביסן,
גלײַך זי אַ פאַראיבל וואָלט טראָגן אין ברוסט,
גלײַך עפּעס אויף מיר וואָלט טיף זי פאַרדריסן —
פאַר וואָס און פאַר ווען האָב איך ניט געוווּסט.

אפשר, געטראַכט כ׳האָב מיר, איז עס דערפאַר
ווײַל כ׳האָב הײַנט צעטריינצלט דעם האָנאָראַר,
פאַרשווענדעט אָן חשבון אים ייִנגלש־לײַכטזיניק,
און אויף בלימלעך אַ בינטל,
לויט איר געשמאַק,
וואָס ברענגען איר ס׳איז שוין געוואָרן אַ מינהג,
איז מיר ניט געבליבן אין טאַש אַ פּיטאַק?..
אפשר, ווײַל כ׳האָב מיך פאַרזאַמט און ס׳האָט
אַ בייזוויליקע צונג אײַנגערוימט איר בסוד
אין אויערל קליינעם אויף מיר אַ רכילות?
און אפשר פון רוגז, אויפרעגונג, כּעס
און אייפערזוכט
דאָס נאָר אַ שטיפערשע שפּיל איז,
אַ חנדל אַזאַ מין, אַ קונדס־שפּאַס?

ליב האָט קאַטאַוועס דאָך טאָן זי אַ טרײַב,
אויספּרוּוון — ניין, ניט דעם כּוח פון ווײַב,
נאָר די פעיִקייט אירע זיך איבערגעשטאַלטן,
ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט
אַ פאַרגעסענע ראָל
פון אַ טעאַטער־שטיק זייער אַן אַלטן
אין וועלכער מ׳האָט אַפּלאָדירט איר אַ מאָל...

איך בין אין מײַן שטיבל אַ מידער אַרײַן
און דערזען אין אַ װינקל אין דעמערשײַן
מײַן מײדל־פרוי שטײן —
די ליפּלעך פאַרביסן,
גלײַך זי אַ פּאַראיבל װאָלט טראָגן אין ברוסט,
גלײַך עפּעס אויף מיר װאָלט טיף זי פאַרדריסן,
פאַר װאָס און פאַר װען
האָב איך ניט געװוּסט...

## די נאַכט האָט געשמעקט מיט כּישוף

די שטילקייט איז געווען אַ דורכזיכטיקע,
טיפֿע.
די נאַכט האָט געשמעקט מיט כּישוף
און מיט טרוים.
די שטערן זענען צו דער נאַכט־אַסיפֿה
צונויפֿגעפֿלויגן זיך
און אויף אַ וואָלקנדל פֿון שוים
זיך אויסגעזעצט ווי פֿייגל אין געפֿלאַטער
אויפֿן פֿאַסאַד־קאַרניז פֿונעם טעאַטער
מיט וועלכן ס׳גרויסן זיך מײַנע בני־עיר.
ס׳האָט די נאַכט געשמעקט מיט מעשׂה
און מיט קווייטן וואָס בײַ אונדזער טיר,
אויפֿגעצויגן זיי מיט ציכטלערפֿלײַס זיי
ס׳האָט מײַן מיידל־פֿרוי, וואָס כ׳האָב אין איר
פֿאַרלאָרן זיך אַ מאָל
ווי אין ים די אַטלאַנטידע...
זי האָט אַרויפֿגעלייגט אויף מיר
איר קליינע האַנט, איר קינדיש־לײַכטע, מידע,
ווי אַן וואָג,
און שטיל געזאָגט: כ׳האָב טאָג נאָך טאָג
און יאָר נאָך יאָר, מײַן איינציקער, באַשערטער,
געוואַרט אויף דיר, געוואַרט,
פֿון מאָל צו מאָל מער אײַנגעשפּאַרט,
מיט בענקשאַפֿט אַלץ פֿאַרמערטער,
און איצט, אַז דו ביסט מיט מיר, בײַנאַנד,
און דאָס האַרץ זיך ביסלעכווײַז אַנטשפּאַנט
פֿון דעם וואָס איז באַשערט געווען מיר איבערלעבן,
כ׳פֿרעג זיך אַליין:
וואָס האָט געגעבן

פוח מיר אין יענער וויסטער צײַט
די איינזאַמקייט אַריבערטראָגן?..

און איך האָב ניט געקענט איר זאָגן
קיין איינציק וואָרט וואָס זאָל פאַרמאָגן
היילונגסקראַפט
און וואָס אויך דאַנקבאַרקייט באַטײַט.
כ׳האָב נאָר מײַן פּנים אײַנגעגנורעט אינעם זײַד
פון אירע האָר די אָפּגעזילבערטע,
שניי-ווײַסע
און אַראָפּגליטשן פון הערצער האָט גענומען זיך דער עול,
און אַ רו גענידערט
ווי נאַכטשטילקייט אין טאָל,
און די נאַכט האָט ווי צום ערשטן מאָל
געשמעקט מיט כּישוף און מיט מעשׂה...

# שוין פֿאַרשלאָסן זיך דער קרייַז

איך דערמאָן דיר ווידער דעם אַפּריל
דעם גאָלדענעם, מיט זונהאָזלען אויף שויבן,
די לויטערקייט פֿון ערשט געבוירענעם געפֿיל,
ווען ס׳האָט זיך צווישן אונדז
די ייִנגל-מיידל-שפּיל
די אוראַלטע אין תּמימות אָנגעהויבן;
און דעם אָזונט ווען האָסט אָנגעקלאַפּט אין טיר
פֿון בחורשן צימערל מײַן קליינעם
און דײַן האַרץ געבראַכט
האָסט אומגעדולדיק מיר
ווי אַ וואַרעם ברויט,
ניט אָנגעביסן נאָך פֿון קיינעם...
און די טעג וואָס זיך געפּלט — אַן פּאַרדרוס,
אָן אייפֿערזוכט אומזיסטן,
אָן פֿאַרדאַכטן,
און פֿון חדווה, צערטלעכקייט, געַנוס
די פּישוף-פֿולע, אומענדלעכע בײַנאַכטן,
און די געטרײַשאַפֿט גרויסע איך דערמאָן,
די אויסגעפּרוּווטע אין די עלנט-יאָרן
ווען די רישעות איז געזעסן אויפֿן טראָן
און אין שרעק פֿאַר דעם געוועלטערס
וואַנזין-צאָרן,
ווי דער מוילוואָרף טיף אין אונטערערד
אַ צעבראָכענער דער מענטש, און אויסגעלערנט,
אַרײַנגעקראָכן איז אין זיך אַליין
ווי אין אַן אָרון...

איך דערמאָן דאָס ווידער און באַנײַס
ווײַל כ׳וויל צוריק מיט דײַן אָנהייב
דיך פֿאַרקניפּן,

ס'זאָל אָפּגיין פון געמיט פאַרקאָוועטן
דאָס איַיז,
צעגלימערן זאָל זיך דיַין שמייכל
העל ווי מיידלוויַיז
אין אויג און אויף די אויסגעבלאַסטע ליפּן...

פאַרשלאָסן זיך האָט שוין דער אומגליקקריַיז
און ווינטלעך לינדע
אויף די בערגלעך היפּן...

# זי האָט די רו פאַרדינט

אויפגעשטאַנען מיטן מאָרגן-שטערן גלייך איך בין,
מיטביידע קני פאַרבויגן ביזן קין,
ווי ס׳שלאָפט אַ קינד, דאָס מויל האַלב-אָפן,
געלאָזט אויפן דיוואַן מיין מערעשקעלע שלאָפן
און כ׳בין אַרויס.
זי אויסגעמאַטערט שטאַרק
דער אויפשטייג האָט אַהער צו אויפן באַרג...
דער וועג איז פול געווען מיט שוועלן
משופע-גליטשיקע,
מיט חיהלעך וואָס פּאַפּערעק אין וועג זיך שטעלן,
מיט רויבפייגל ווילד-קוויטשיקע,
מיט נעפּלען אין די אויגן שמאַרציקע, ווי זאַלץ,
אויפגעגאַנגענע פון אַלע הויכבאַרג-שפּאַלטן,
און זי האָט אַלע צרות אויסגעהאַלטן,
און זי האָט מוטיק בייגעקומען אַלץ
און צו דער לעצטער שוועל דערצויגן
ריין, פריש שמעקנדיק מיט הויכבאַרג-ווינט...

שלאָפט זי איצט, די קני צום קין פאַרבויגן,
און דאָס מויל האַלב-אָפן, ווי אַ קינד,
מיין פלאַטערל, פון זונענשטראַלן אויסגעשפּינט,
וואָס איז אַ מאָל אַריינגעפלויגן אין מיין לעבן
און מיט מיר פאַרבליבן ביז אַצינד.

ס׳האָט זיך איר דאָס גליק ניט לייכט געגעבן,
זאָל זי רוען.
זי האָט די רו פאַרדינט.

# מיט בלאַנדזשענדיקן בליק

מיט בלאַנדזשענדיקן בליק,
וווי ניט־דאַיִק, ווי פרעמד,
ווי פון אַ זאַרג אַ ניט־קלאָרער געקלעמט,
אַז כ'טרעף דיך אין אַלקער זיצן אַ שטילע,
אין שעה ווען דער אָוונט צעגיסט זײַנע קילע
טונקעלע פאַרבן
און עפּעס ווערט באַנג,
און פון באַדויער צעמישט דער געדאַנק,
וויים איך:
ווּעסט באַלד פון דעם צושטאַנד דערוואַכן,
אַרומנעמען מיך און זיך לוסטיק צעלאַכן
(אַ מבין כ'בין דאָך אויף דײַן כיטרע גאַנג) —

כּדי פון דײַן שטימונג מיך צו פאַרהיטן,
ניט אויפוועקן זאָלסט מײַן פאַראיבל
צעגליטן,
די וווּנד די געקראַגענע הינטערן דראַט
אין יענע יאָרן גרויזאַמע זיבן,
די וווּנד וואָס ביז איצטער —
כ'מאַך ניט קיין סוד,
זיך ניט פאַרהיילט נאָך, פאַרלעבט,
נאָר זי האָט
בלויז טיפער אין מיר זיך פאַרקליבן...

# זײַ ווי געווען

זײַ ווי געווען ווען כ׳האָב דיך דערקענט,
פֿאַוועלע מײַנס, ווען צו מיר אין די הענט
אַליין דו ביסט ווייליק געקומען צו שוועבן,
כּדי געבן אַ זין מײַן צעשויבערטן לעבן
און אין איינעם מיט מיר,
איבער שטרויכלונגען פֿיל,
געלאָזט זיך, —
פֿאַרלאָקט פֿונעם ליכטפֿאַרבן־שפּיל
וואָס האָט זיך צעשײַנט אומגעריכט
אונדז אַנטקעגן —
צום אויסגעחלומטן גליק זיך דערפֿרעגן...

זײַ ווי געווען ביז די נויט איז געשען,
וואָס קיינער האָט פֿאַרויס ניט געזען...
מיט דײַן מונטערן גאַנג,
מיט דײַן גלויביקייט פֿעסטער,
וואָס אין מיטן פֿון גלײַכגילט,
שׂינאה
און לעסטער
און כּלומרשטע פֿרײַנד
האָסט אין האַרצן פֿאַרהיט,
מיט דער לײַכטקייט און לויטערקייט
פֿון געמיט,
מיט געפֿיל פֿאַר דעם שיינעם, דערהויבן־גערעכטן,
זײַ ווי געווען, זײַ ווי געווען
און צו מיר, ווי דעמאָלט, אויך איצטער גענען
מיט דײַן ניט־פֿאַרוועלקטן רייץ ייִדיש־עכטן,
און זאָל זיך דאָס וווּנדער נאָך וועבן און פֿלעכטן,
נאָך וועבן און פֿלעכטן...

# איך גיי ניט אַוועק

איך גיי ניט אַוועק.
זײַ רויִק.
ניט וויין.
איך וועל דיך ניט איבערלאָזן אַליין
אין מיטן וועג מיט צעדראָפּעטע קניִעם.
דער וועג איז נאָך לאַנג. מיר וועלן מניעות,
סכּנות נאָך טרעפן ניט ווייניק געוויס.
נאָך לאָקערן גריבער מיט עקדעשן־בים
און אַנגסטיקע נעכט
און וויסטע תּהומען
פאַר וועלכע איך האָב נאָך דערוויַיל ניט
קיין נאָמען —
אָבער מיט דיר כ'בין דאָך איצט ווי אַ מאָל,
און פון די זעונגען שוואַרצע אָן צאָל
פאַרשטעלן מיט זיך
ווי פריִער דיך וועל איך,
אַז דו זאָלסט דורך מיר
אַריבער דעם באַרג,
אַריבער זײַן דראָיִק־אומהיימלעכן קאַרק, —
דערזען,
צום גליק וואָס ציט אַזוי שטאַרק,
דעם גראָדן,
זוניקן
דרך־המלך.

## אפשר ווייסטו

אפשר ווייסטו וואָס קומט מיט מיר פאָר?
פון וואַנען דער אומרו?
ס'דאַכט זיך מיר נאָר,
אַז עפּעס רײַסט אָן אַרום מיר, דאַרף זיך טרעפן;
יעדעס מאָל ווען די טיר מײַנע כ'עפן,
און עמעץ די שוועל טרעט אַריבער געשווינד,
אַ פרײַנד וואָס מיט אים מיך אַ לעבן פאַרבינדט,
צי עמעץ אַ פרעמדער, אומהיימלעכער שווײַגער, —
מײַן בליק אינעם סודותפול פרעמדן געזיכט
עסט זיך מיט אומגעדולד אײַן און מיט נײַגער, —
גלײַך דאָס
אויף וואָס
פון לאַנג איך זיך ריכט,
וואָס אינעם רויש פון די טעג כ'האָב פאַרנומען,
מיר אָנזאָגן דאַרף עמעץ קומען...

✡

וויפל איז דער שיעור דיר צו זאָגן —
איז מײַן קליינע אויף מיר אויפגעבראַכט —
אַ ביסל מער ניכטערקייט זאָלסטו פאַרמאָגן,
טיף פאַרטײַעט אין זיך זאָלסטו טראָגן
אויף זיבן שלעסער די נשמה פאַרמאַכט...
דאָס וואָס טוט ביז פאַרצווייפלונג פּלאָגן
און האָסט אין איינזאַמקייט
שטיל דורכגעטראַכט,
זאָלסטו דורכוויייען דורך עטלעכע זיפן,
ניט ברענגען פאַר קיינעם דאָס אויף די ליפּן
פאַר וואָס האָסט שוין איין מאָל אין קעלער געשמאַכט...
און דו — דו ביסט ווי געווען,
אומפאַרביטן,
האָסט פאַרגעסן שוין וואָס געליטן,
וואָס איבערגעלעבט — ניט איצטער געדאַכט?..

ווויפל איז דער שיעור דיר צו זאָגן —
טוט אַ גלאַנץ אויף איר וויִע אַ טרער —
ווײַל נאָך איין נסיון ווי יענעם
אריבערצוטראָגן
ניט בכּוח כ׳בין מער...

## מען האָט מיך באַשולדיקט

מען האָט מיך באַשולדיקט אין פעלערן גאָר פיל
(ערגעץ מ׳האָט געפירט אַ חשבון מײַנע טאָטן
און די געדאַנקען מײַנע געטראַכטע אין דער שטיל),
נאָר כ׳זאָג, ניט ווײַל זיך ריינוואַשן איך וויל,
אויך דעמאָלט ווען זיך אויסגעדרייט די שפּיל
גאָר טראַגיש האָט פאַר מיר —
איך האָב זיך ניט פאַרראַטן.

מען האָט מיך באַשולדיקט:
כ׳האָב פון עיקר אָפּגעלענקט.
אַ ביטערקייט געפונען האָב איך אין זײַן קערן.
ניט דאָס גערעדט
(מ׳האָט ראַיות מיר געברענגט)
און אַנדערש ווי ס׳איז אָנגענומען
כ׳האָב געדענקט, —
ס׳האָט דער אַכזר דאָס מיר ניט געשענקט,
ס׳איז קאָנטיק אויף מײַן האַרץ
און אויף מײַן שטערן.

נאָר אויך הײַנט, נאָך דעם וואָס אָפּגעריכט
כ׳האָב זיבן גלות־יאָר אין ווײַסן צפון,
כאָטש באַדראָענדיק דער חרם־שאָטן קריכט
מיר נאָך פוס־טריט,
כ׳דאַרף ניט באַהאַלטן מײַן געזיכט —
געטאָן אָן פניות תמיד כ׳האָב מײַן פליכט,
מײַן טיר ווי אויך מײַן האַרץ
פאַר מענטשן תמיד אָפן...

מײַן פרוי, וואָס דורכגעמאַכט זי האָט אַ סך
נסיונות ביטערע און סטאַיִש, אומגעבויגן

געבליבן דאָך —
זי איז תּמיד אויף דער וואָך.
ווען ריידן כ׳נעם, טוט זי די פענצטער אַ פאַרמאַך:
— ס׳הערן זיך דאָך אונטער די פייגל אויפן דאָך,
די צרה לויערט דאָך פון יעדער זײַט
מיט גרויסע סאָווע־אויגן...

# שפּאַצירנדיק

שפּרײַז דורך פּראָספּעקטן איך גראָמע,
דורך געסלעך וווּ ס'טומט מײַן נשמה
פֿון ווייטיק זיך אַ פּאַרקרום,
אין מיטן טראַמווײַען־געקלימפּער
און אויטאָ־געבּרום,
און זאַרגלאָז געלעכטער
פֿון יונגע שפּאַצירער,
כ'קוק לויט דער אַלטער געוווינהייט
מיך אום
צי גייט מיר מיט ביקס געלאָדענער, שטום,
פֿון אונטן ניט נאָך
מײַן אונטערפֿירער,
ער — דער קאָנוואָירער.

# מיר זאָגט מײַן זון

מיר זאָגט מײַן זון: איך גלייב דיר גערן,
אין אַלערליי נסיונות רײַך דו ביסט.
וואָס דו האָסט דורכגעמאַכט
איז ניט געווען אומזיסט.
דײַן לעבנס-חכמה ס'האָט געטאָן פֿאַרמערן.
האָסט פיל געגרײַזט,
געבלאָנדזשעט,
ס'האָבן שטערן
אויך דיך, ווי אַנדערע, באַטראָגן און גענאַרט,
נאָר האָסט אַרויף געקלעטערט אײַנגעשפּאַרט,
געפינען אים, דעם לעבנס חכמה-קערן,
אַליין דערקענען אים,
דערפֿאַרשן,
זיך דערקלערן.
פֿאַר וואָס זשע ביסטו טרויעריק אַצינד, ווען גיין
איך לאָז מיך אויך ווי דו אַלץ אויספֿאָרשן אַליין,
אַליין דערפאַרן אַלץ אין אויפשטייג שווערן?

טאַטע, דײַן ברכה וויל איך הערן...

# קעשענעוו, אוי קעשענעוו

הײַנט זענען אומגעריכט צו מײַן געמיט
צוגעשטאַנען סטראָפֿן, פֿײַער־שורות פֿון אַ ליד
וואָס ניט געקומען מיר פֿון לאַנג אין זינען,
אַ ליד וואָס טוט ווי אַ דערמאָנונג דינען
פֿון דעם וואָס האָט אַכזריותדיק און ווילד,
קעשנעוו, אוי קעשענעוו, אַ מאָל זיך אָפּגעשפּילט
אין דײַן אַנטרינענדיקן הינטערגאַסן־פּלאָנטער...
אַ דיכטער האָט אין דעם אַרײַנגעבריִלט
זײַן צאָרן פֿון אַ לייב און דיר, מײַן נאָנטער,
מײַן אייגענער אַ וואָרף געטאָן ער האָט
מיט ווידערווילן און פֿאַראַכטונג:
שחיטה־שטאָט!
ניט האָבנדיק חוץ פֿלוך קיין אַנדער וואָפֿן
כּדי זיך נוקם זײַן, כּדי דיך שטראָפֿן
נאָך יענעם בלוט־און וואַנזין־אויפֿגעריסענעם חצות...

איך ווייס ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָס
הײַנט אויפֿגעקומען ס׳איז דאָס ליד אין מײַן זכּרון.
איך וואָלט עס ניט דערמאָנט
כּדי פֿאַרדראָס
און אויך חרטה־שמערצן דיר פֿאַרשפּאָרן.

נאָר ווי אַ בינענרוי מיט זשומענדיקן שאָל
פֿון אַ האָניקדיקן ווינטל אָנגעטראָגן
האָבן מיך די פֿײַער־שורות געטאָן הײַנט אַ באַפֿאַל
און ניט אין שטאַנד בין איך געווען
פֿון זיי זיך אָפּצושלאָגן...

## פאַר וואָס

א מאָלדאַווישן דיכטער

אַ בלאָער הימל הענגט איבער דײַן קאָפּ.
אויף דײַן געבענטשטער ערד
וואָס שענקט איר גאָב
אַן קאַרגשאַפט דיר, און אַנגעיווירן זי ביז טיף איז,
דו שפּרײַזסט,
אין זיך אַ זיכערער,
מיט תּקיפות;
און איך, כאָטש ס'איז מיר אויף דער ערד
געבוירן זײַן באַגלײַך מיט דיר באַשערט,
און ווי אויף דיר, זי האָט אַ סך סימנים
אַוועקגעלייגט אויף מײַן געמיט
און אויף מײַן פּנים,
פאַר וואָס פיל איך מיך ניט, פאַר וואָס
ווי דו — אַ באַלעבאָס?..

אין פעלד נעמט דיך אַ גרויסע פרייד אַרום
בעת דו הערסט דעם האַסטיקן גאַלאָפּ און ברום
פון ווינטן צעפּאַלאָשעטע
מיט ווילד צעפּלוישטע גריווועס,
דו פילסט זיך שטאָלצער, און דײַן חשיבות
בײַ זיך אַליין וואַקסט אויס
ווען פונעם טאָל
פאַרנעמסט די לידער, מעשׂות פון אַ מאָל,
וואָס פאַסטעכער דערציילן, און די פלאַנצער, —
און מיך קלעמט דער אומעט
ווי אַן ענגער פאַנצער,
כאָטש די נשמה לאָז, —
פאַר וואָס?

צום גורל דײַנעם אויף ווײַסע מירמלטרעפּ
שטײַגסטו העכער אַלץ,
און איך מיך אונטן שלעפּ
מיט מײַן ליד,
מײַן לשון,
אויסזען מידן,
און מײַן אַלט-נײַער קריוודע פון אַ ייִדן
(ווי מײַן איידל-שטאַלצער טאַטע
אין זײַן צײַט)
און פון יעדן בײַט
כ'אַן פריִער דעם באַטײַט
און מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער מײַנע זאָרגן
פאַר דעם וואָס ברענגען אונדז דאָ קאָן דער מאָרגן,
און איך פרעג מיט אַנגסט און מיט פאַרדראָס:
פאַר וואָס? פאַר וואָס?

## געבוירן כ'בין דאָ

געבוירן כ'בין דאָ. דאָ מײַן לעבן באַגינט.
אַרויסגעשפּראָצט כ'האָב פון דער ערד
דער שוואַרץ-פעטער,
מיט איר, ווי דעם דעמב פיל-געפרוּווטן, מיך בינדט,
וואָס צײַט האָט אין אים אירע שטורעמס געשמעטערט
און בליצן אים האָבן אַכזריש געברענט,
און צעהאַקט און צעקאַרבט
ס'איז זײַן סמאָליקע קאָרע...

געבוירן כ'בין דאָ ווו די האַק צו פאַרלענד
מ'האָט ניט איין מאָל געגעבן דעם לומפּ אין די הענט,
און מײַן פּינקס דערציילט ווי מ'האָט מיך געשענדט,
יעדער אות — אַ געשריי,
יעדעם בלעטל — אַ צרה...

געבוירן כ'בין דאָ און מיר ליב איז די ערד
און די מענטשן, וואָס האָוּען אויף איר
מיטן אַקער,
און זייערע דוינעס וואָס כ'האָב פון וויגל געהערט,
און דער ווײַן וואָס אין די אַנטלען דאָ יערט,
און זייערע פרויען
וועמעס פלאָס ז'מיר דערקענען באַשערט,
כאָטש אונדזערע, כ'לעבן, זענען געשמאַקער...

און דאָך קומט מיר אַן אַנדער לאַנד גאָר
אָפט מאָל צו חלום.
כ'זע דײַטלעך עס, קלאָר,
מיט די טאָלן און בערג אַזוי דײַטלעך צעשריבן,

גלײַך אין מײַן קינדהייט
פון לאַנג,
אויף דער וואָר,
אויף זייערע שפּיצן כ'האָב מיך פאַרקליבן
און עפּעס פון מיר איז דאָרטן פאַרבליבן...

# געוועז מיר פופצן איז...

ד״ר ב. יאָסיפּן ז״ל

געוועזן מיר פופצן איז אין יענעם יאָר,
פון מיר געוועזן ער מיט אַ צענדליק עלטער;
געדענק איך אים מיט קוטשמע בלאָנדע האָר
און אַפּענעם געזיכט —
אַ יוגנטלעך צעהעלטער,
פון אַ גרויסן שיינעם חלום אַ באַזעלטער...

געדענק איך ווי ער שפּאַנען אומגעאײַלט
פלעג מיטן שטעקן אין דער האַנט —
אַ גרויסשטאָט־דענדי,
מיט אַ רויז אין לאַץ, ווי אָסקאַר אוּאײַלד —
דעם יונגוואַרגס אַפּגאָט און לעגענדע...

מיט גרויסע — ניט געדאַגהט ווי אַ קינד,
מיט קינדער אָפט צו ערנסט דווקא,
געווינען יעדנס האַרץ פלעג ער געשווינד,
אַז פאַרפּישופּטע, אַפילו די מאַהאַלע־הינט
אים האָבן ווי אַ ייִדן ניט באַהאַווקעט...

ער ליב געהאַט פאַרברענגען האָט אין ראָד
מיט גוטע פרײַנד, אַ כּוסע איבערקערן,
און צעוואַרעמט פונעם אַלטן ווײַן, ער האָט
צום מילכוועג זיך אַוועקגעלאָזט ווי אַ פּילאָט
אַראָפּצוברענגען זיי דעם שענסטן שטערן...

אין אָוונט פלעג ער שפּילן אויף אַ פליוט
זײַן דאָרשט צו שטילן פול מיט צויבער,
פון פאַרבן און מוזיק געשעפּט זײַן פרייד,
און ס׳האָט מיט פּאָעזיע געשמעקט פון זײַנע רייד
אין אַ סביבה צו פּאָעזיע אַ טויבער...

און מעשׂה קונדס צעבויטעט ער אין תּחום
דעם גליווערזומפּ
און אויפגעוועקט פון דרימל
דאָס זעלבסטצופרידענע פיליסטערטום
וואָס חדווהדיק געוויקט אין שונדוואַרג-שימל...
און אויסגעהוילט פון גײַסט,
און פרעך אין שטעל,
ענגהאַרציק, איינס דעם צווייטן
ניט-פאַרגיניק,
אים נאָכגעקוואַקעט האָבן זיי פון זומפּ:
„רעבעל",
און „לעסטערער", און „שבתאי'צבּיניק"...

און אַ-די טראַציקייט דעם צביעותדיקן זײַן,
דער באַגרענעצטקייט,
דעם ליגן אײַנגעשטעלטן,
האָט מיר אַנטפּלעקט די איידל ריזלענדיקע שײַן
פון זײַנע אינערלעכע וועלטן.
און כ'האָב צו אים מיך דעמאָלט צוגעהעפט
מיט קינדערהאַרץ נאָך ריינעם,
אָן אַ פּגמל,
און אים געבראַכט מײַן ערשטן דינעם העפט
מיט מײַן קינדיש אומבאַהאָלפענעם געשטאַמל.

געווען מיר פופצן איז, כ'האָב אים פאַרערט,
געוואָלט כ'האָב ענלעך זײַן צו אים אוודאי.
מיר האָט געדאַכט אַז אים די פעיִקייט געהערט
באַשיידן אַלע סודות אויף דער ערד
און אויפצוקניפּן די פאַרפּלאָנטערטסטע שאַראַדע...

און ער האָט אין מײַן בלוט אַרײַנגעטריפט
די בענקשאַפט צו אַ וועלט אָן אונטערדריקער
פון פרײַהייט-ליבשאַפט דעם געבענטשטן גיפט,
פון וועלכן כ'בין געווען ווי שיכּור...

און געהאָלפן זוכן האָט ער מיר, דעם שנעק,
צום אמת דעם דערהויבן שיינעם,
יענעם איינציקן און גאָרנישט לײַכטן וועג,
וואָס געזוכט נאָך, כ׳מיין, פאַר זיך אַליין אים...

און מײַן האַרץ מיט אינהאַלט אָנגעפילט,
און אָפּגעפירט מיך פון ספּנותדיקן דרייוועג
צו האָריזאָנטן וואָס זיך העל אַנטהילט,
און מיט דער שײַן אַרום זײַן שטערן, מילד
איז אין מײַן לעבן אַרײַנגעגאַנגען לייוויק...
דער ליכטיקער טאָגאָר, דער פינצטערער ווערלען
און די וועלט פול וווּנדער פון ד׳אַ ווינטשין...

ווער איז שולדיק וואָס אַלצדינג איז געשען
ניט אַזוי ווי מיר אין חלום דאָס געזען,
ניט אַזוי ווי מיר האָבן געווינטשן
ווען ס׳האָט מײַן דור זײַן יוגנט ניט געשפּאָרט,
אומגעדולדיק דעם פּלאַנעטען-גאַנג צו בײַטן,
זיך פאַרשרײַבן מיט טווּנג
און מיט וואָרט
אויף דעם שווינדלענדיקן דרייבאַנד
פון די צײַטן...

ווער איז שולדיק וואָס געוואָרן פרעמד
ס׳איז דער אמת פון דער יוגנט,
ניט דערקענלעך,
וואָס פאַרביטן ס׳האָט זײַן תּוך ער, אומפאַרשעמט,
צו יענעם פונעם טרוים ניט ענלעך,
און דאָס גליק וואָס מיר האָבן געגאַרט,
און צו דעם, ניט צו פאַרזאַמען,
אײַליק,
געשפּאַנט מיר האָבן דרײַסט און אײַנגעשפּאַרט,
איז געווען, ווי אַ פלאַטערל, קורצווײַליק?..

אָבער אים מיט אַכפּער איך דערמאָן
וואָס מײַן לערער איז געווען, מײַן סנדק,
וואָס פון אָנהייב סטאַרט ס'האָט ער
מײַן יינגלשפּאָן
געקערעוועט מיט פיל טאַקט, פאַרשטאַנדיק...

כ'פיל אויך היינט די שײַן פון זײַן געשטאַלט
און פון די שיינקייטן וואָס ס'האָט
מיט מיר געקנעלט ער,
ווי דעמאָלט ווען געווען כ'בין פופצן אַלט
און ער — בלויז מיט אַ צענדליק עלטער.

## שוין דורכגעשפּאַנט כ׳האָב
## העכער האַלבן וועג

אַ דינעם שטויב, אַ דינעם מעליק־וויַיסן
האָבן אויף מיַין קאָפּ שוין אָנגעזיפּט די טעג.
שוין דורכגעשפּאַנט כ׳האָב העכער האַלבן וועג,
נאָר פון די אומגעוויינלעך חידושדיקע נײַסן,
וואָס יעדן טאָג איך אַרום זיך אַנטדעק,
איך ווער נאָך ייִנגלש אַ פאַרגאַפטער,
און ווי ייִנגלוויַיז, ווען כ׳בין מיט ברייטע קלאַפּטער
אין ווירבל פון יאָרהונדערט אָפּגעשווומען,
נעמט
נאָך אָפּט אַן אומרו ציִען אומגעהעמט
אין גערודער מענטשלעכן, אין זייערע געפעכטן...
מיר דאַכט זיך אַלע טאָג:
ס׳איז נעכטן,
ס׳איז ערב אַלע פרווון נאָך, כ׳בין יונג.
אַ ניט־געמינערטן כ׳זע נאָך דעם שטערנוווּנק, —
אַן אַלטע קריוודע וואָס נאָך ברענט מיַין צונג —
דורך אַלערליי פאַרצוימונגען איך שמוגל...
ביַים אָנהייב בין איך ערשט, מסוגל
פאַר דער גוטסקייט, ווי אַ מאָל, זיך מקריב זיַין.
דאָס האַרץ נאָך צאַפּלט אויף פון פרעמדן פּיַין.
ביַיגעקומען כ׳בין דעם ייִאוש
וואָס ווי בליַי האָט
צעגאָסן זיך אַ מאָל אין מיַין געמיט,
און ליבשאַפט פאָרט זיך נאָך מיט פריַיהייט,
און האָפענונג מיט חלום
אין מיַין ליד...

און פון אַלע אומגעוויינלעך חידושדיקע נייַסן,
וואָס אַלע טאָג איך אַרום זיך אַנטדעק,
כ׳קאָן זיך נאָך וווּנדערן — ווי יונגערהייט איך פּלעג, —
כאָטש אַ דינעם שטויב, אַ דינעם מעליק-ווייַסן
ס׳האָבן אויף מייַן קאָפּ שוין אָנגעזיפּט די טעג...

# מיר האָט געחלומט זיך

מיר האָט געחלומט זיך איך הער דעם הודע,
דעם טויבן, פֿריקרע קלאַנג פֿון אײַזנשטיק
וואָס האָט געהאַנגען בײַ דער היטער־בודע;
ווײַזט אויס, האָט מיר אין האַרץ געטאָן אַ פּיק,
אַז חלומען נאָך לאַנג
מיר ווערט זיך די מוזיק.

און די אַסירים כ׳האָב דערזען.
אין שאָטן
פֿון באַראַק, דורכגעזילבערטן פֿון פֿראָסט,
זיי זענען אויפֿגעשטאַנען
ליימיקע ווי די ראַבאָטן,
מיט סקריפּענדיקע ביינער ווי פֿון ראָסט,
גולמס ווען ס׳האָט דער שם פֿאַרלאָזט.
און צווישן זיי אויך ער.
די אויגן קאַליע,
אין דאַרן גוף לעבט די נשמה קוים,
נאָר ס׳גיט אים אויס זײַן פּנים
אַז אין דער פֿמליה
פֿון די מוזעס איז ער געווען אין טרוים
און געקושט די שײַן
פֿון זייער קליידערזוים...

און איידער פֿון געזיכט דעם שלאָף אַראָפּגעוואַשן,
כאָטש גיין, פֿון שוואַכקייט,
קוים געווען אין שטאַנד,
האָט ער אויף דאַרן אַקסל גענומען די פּאַראַשע,
דאָס פֿעסל צואה וואָס,
כּדי צו שאַנד,
כּדי צו שפּאָט דעם דיכטער מאַכן,

ס׳האָט דער אַכזר אים מיט דעם פאַרקנסט,
אַז דער ערב־רב, די כאַמעס, זאָלן לאַכן
ווי ער ברעכט זיך איַין
— אַזוי דער אַכזר שפּאַסט —
און פאַלט אַוועק אונטער דער שווערער לאַסט...

אין דימענט־שניי וואָס האָט דרייַ טעג געשאָטן,
געפאַלן איז ער טאַקע
הארט בייַם זאַנעפּלויט
צו וועלכן צוגיין נאָענט ס׳איז פאַרבאָטן,
סייַדן יענער וואָס פון לעבן איז פאַרמלויט,
אין גרויסן יִאוש
זוכט אַליין דעם טויט...

אין לוזשע צוֹאָה איז אַן איַינגעריכטער
ער געלעגן שטאַר, די אויגן ביידע — גלאָז.
גאָט מיינער, ס׳איז אין געפאַר דער דיכטער,
מע דאַרף זיך ראַפּטעם טאָן צו אים אַ לאָז
איידער ס׳טוט אַ הילך פון וואַכטורעם
דער שאָס...
דאָרט אויבן, אויפן טורעמל, דער אַכזר
(איַינגעשרומפּן ווערט מיַין האַרץ פון צער)
ווי אַ רויבפויגל אויף פעלדזנשפּיץ
שטייט וואַכזאַם
אויסצופילן איבער דעם געפאַלענעם דעם גזר...
מיַין פרייַנד, מיַין פרייַנד איז אין געפאַר.

זענען הענט און פיס מיר אָפּגענומען,
כ׳קען זיך פונעם אָרט ניט רירן.
סאַראַ גרויל.
און אין שלאָף כ׳האָב מיט אַ חיה־ברומען
וואָס פאַרשניטן זיך ס׳האָט אין איר לייַב אַ קויל,

געקרעכצט, געברומט מיט אַ פאַרמאַכטן מויל...
און ס'האָט מײַן פרוי
מיך ניט געקענט דערוועקן,
מיך ווי אַ קינד געטוליעט צו איר שויס — —

מיר האָבן זיך געחלומט דורכגעלעבטע שרעקן,
דער גרוב פון וועלכן
מיטן לעבן כ'בין אַרויס.
זיך חלומען נאָך לאַנג
זיי וועלן מיר,
ווײַזט אויס.

# אויפשריפט אויף דער קאַרצערוואַנט

דאָס איז געווען אין אַן אַפּריל־נאַכט.
(אַך, סאַראַ לאַנגע נאַכט און אַ שווערע)
מיט די הענט אויף אונטן מ׳האָט מיך געבראַכט,
אין קאַרצער אַרײַנגעשטופּט און פאַרמאַכט
ווי אין שטײַג אַ שוואַרצע פּאַנטערע...

דער דיל — צעמענט. טריפיקע ווענט.
אין טיר געשפּענסטיק דאָס וואָלפישע אייגל.
דער מוח האָט ווי אין טיפּוס געברענט:
אין וואָס זשע, און וואָס בין איך חוטא בעגל?
וועלכן בין עובר געווען איר געזעץ?
וועלכן „לאַוו" אַריבערגעטראָטן?
וועלכן עיקר פאַרניינט פונעם געץ,
אַז מ׳האָט אין דעם קעלער אַרײַן מיך געזעצט,
פון וואַנען אַרויס מיר וועט ניט געראָטן...
ניין, ניט געראָטן. ווייסט דאָך געוויס:
ברייט בײַם אַרײַנגיין ז׳דער טויער, מײַן ליבער,
נאָר צום אַרויסגיין — אַ שמאָלער ער איז,
„ביסטו אַרײַן — לאָז די האָפענונג איבער"...

אין מוח יאָגט אַן געדאַנק אויף געדאַנק
ווי צו דעם ים־פעלדז מטורפע כוואַליעס;
פון מײַנע טוונגען
    און פון מײַן גאַנג
כ׳האָב מאַכן געוואָלט אַ גענויעם אַנאַליז...

פון וואַנען די צרה? — דערגיין כ׳האָב געוואָלט,
אַ בילבול?
    צי ערגעץ געמאַכט כ׳האָב אַ פעלער?
בײַם שיין פונעם לעמפּל (פּופּצן וואָלט)

כ'האָב דערזען אויף די ווענט פון קעלער,
מיט עפּעס אַ שאַרפער, שפּיציקער זאַך,
אויסגעקריצטע (ניט צום פאַרגעסן)
פון מיינע פאַרגייער נעמען אַ סך,
געזעגענונגס-ווערטער,
ווונטשן,
אַדרעסן...

די נעמען געשלונגען מיט נייַגער מיין בליק.
אפשר מיין פריינדס צווישן זיי כ'וועל געפינען,
וואָס איז מיט וויפל מעת-לעת צוריק
אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און אַנטרינען?

אפשר געלאָזט מיר אַ סימן ער האָט,
עפּעס פאַר מיר אַ געהיימפולן רמז?
אויפשריפטן, ציפערן פולע מיט סוד.
לעבנס-פאַרפלאָנטערטע טעאַרעמעס...

פּלוצעם — דריי ווערטער. דריי איבער גאָר,
אויסגעקריצט פון אַ האַנט אַ געהיימער:
„גם זה יעבור.
גם זה יעבור".
ליכטיק געוואָרן אין האַרץ איז פון זיי מיר,
גלייך יענער וואָס דורכגעגאַנגען איז פריי'ר
די דאָזיקע גיהנום-קרייזן
האָט גלייביק
די ווערטער דריי אויפגעשריבן פאַר מיר
ווי ער וואָלט מיר זאָגן אַז גאָרניט איז אייביק,
אַז אַלצדינג זיך ענדערט, זיך איבערגעשטאַלט,
גייט אין אַ צושטאַנד אַ נייעם אַריבער,
(ס'איז, ווי די וועלט, דער אמת שוין אַלט)
האַלטן זיך סטאַיִש זאָל איך דעריבער,

בלײַבן צו אַלץ, וואָס געטראָפֿן זיך, קאַלט,
גלייבן אין סוף פֿון דעם וואַנזין־געוואַלד
און אינעם סוף פֿון רישעות־געביטער...
קומט דאָך אַ לינדערונג נאָך אַ געוויטער,
ווערן וועט דער פּחד צעווייט,
ווערן אויפֿריכטיקער וועלן די רייד,
האַפֿערדיקער די מענטשלעכע שטימען,
גלייבן אין ניכטערקייט פֿונעם פֿאַרשטאַנד,
גלייבן, ווי גלייבן מע מוז אין דײַן שטאַנד,
אַז פֿון דײַן גיין איבער מענטשנראַנד
וועט נאָך אַ ווידערקלאַנג בלײַבן,
אַ סימן...

יאָ, פֿאַר די ווערטער דרײַ אויף דער וואַנט
כ׳בין דאַנקבאַר דעם חכם געוועזן אַנאָנימען...

זיי האָבן דעם עקשן דערוועקט אין מײַן בלוט
אַלץ איבערצוטראָגן. געוועזן זיי אַ שטיצע
זענען מײַן גײַסט. אָ, פֿאַרשטייט מיך נאָר גוט,
ס׳זענען די רייד מײַנע ניט קיין מליצה...

און הײַנט, יאָ, אויך הײַנט,
אויב קומט אַ שוואַרץ יאָר,
אויב הויערט אַ צרה (ס׳איז דאָך ניט נאָר
קיין יום־טוב דאָס לעבן),
בלחש איך פֿליסטער:
„גם זה יעבור. גם זה יעבור“,
וואָס ווי אַ צוואָה אויף קאַרצערוואַנט וויסטער
ס׳האָט אויסגעקריצט יענער סטאָישער ניסתּר...

## דער לעצטער קאָנצערט
## פון פידלמאַג פינקע

פאַר די אויסגעבלאַסטע תּושבים פון באַראַק
ווו אַרײַנגעשטופּט ס׳האָט אים דאָס לעבן,
אין אַסירים-מלבוש, ווערדיק, ווי אין פראַק,
און פײַערלעך דערהויבן, האָט דער פידלמאַג
פינקע, פינקע אַ קאָנצערט געגעבן,
ער, וואָס האָט געשפּילט מיט יאָרן פריִ׳ר
דעם ערשטן פידל אין „באָלשוי טעאַטער״,
דאָרטן, ווו אויך הײַנט,
קוים עפנענדיק די טיר,
קאָן מען הערן פון זײַן סטרוניקן וויבריר
(ווער ס׳האָט אַן אויער נאָר)
דעם עכאָ-פלאַטער.

צו אָט דעם קאָנצערט גאָר ערנסט האָט
געגרייט זיך ער און מיט אַחריות-פיבער,
גלײַך פון די אַסירים וואָלט פאַר גאָט
געדאַרפט ער קומען — אַ שליח-ציבור,
כאָטש עס האָט דער דאָקטאָר אים פאַרווערט
דעם אויפטריט שטרענג, מיט וואָרט גאָר הארבן —
ער האָט געוווּסט: אין ברוסט זײַנער זיך הערט
דאָס האַרץ שוין קוים, וואָס איז ביז לעצט פאַרצערט,
און גיין צו דעם קאָנצערט, הייסט גיין צום שטאַרבן...
דאָס הייסט: אַליין זיך חתמענען דעם גזר...

נאָר ער האָט נישט געפאָלגט. פונעם פוטליאַר
אַרויסגענומען זײַן פידעלע-אַנטיקל,
ווי אַ וואָרעם עופעלע מע נעמט אַרויס פון וויג,
פון סאַמעטהעמדל געטאָן עס אַ צעוויקל,
אַ ריר געטאָן די סטרונעס מיטן סמיק

און —
פלאי־פלאים —
ס'לויפן וואַגלמײַלן
צו זייער אָנהייב שווינדלענדיק צוריק,
און פליינגען היימישע זיך דרייען פאַרן בליק,
און דימענטלעך די נאַכט טוט קונציק פײַלן
און שלײַדערט זיי צעשימערטע אין אַל,
און בינען מיט אַ זומזע בגילופין אײַלן
צום ווײַנשלצווײַט,
און ס'בלעזלט זיך אַ קוואַל,
און טרעלן קונציקע דערלאַנגט די נאַכטיגאַל,
און דער באַראַק פאַרוואַנדלט ווערט אין יענעם זאַל
דעם מוזיק־טעמפל מיט די מירמלזײַלן...

פאַרכאַפּט פון דער מוזיק, ווי אין היפּנאָז,
דעם אָטעם האָבן אײַנגעהאַלטן אַלע,
קיין שטער נישט זײַן,
עס זאָל די פולע מאָס
פון דער שיינקייט ווערן זיי נתגלה.
מ'האָט נאָר געפילט:
עס צאַפּלט אויף אַ גלוסט,
אַ וועלעניש אין יעדערן באַזונדער,
אַן אומגעשטילטע, גליִענדיקע לוסט,
עפּעס, וואָס ביז דאַן געווען זיי אומבאַוווּסט, —
גלײַך ניט פון פידלס, נאָר פון זייער ברוסט
אַרויסגעצויגן דער בויגן האָט דעם וווּנדער...

געשפּילט ער אייגנס האָט, אין וואָס דערקענט
דער עולם האָט די אייגענע באַגערן?
די טראַכטונג אייגענע? דעם אייגענעם לאַמענט?
די קרייוודע וואָס אין זייער בלוט געברענט?
די האָפענונג?

די ניט-אויסגעוויינטע טרערן?
א תפילה? —
וואָס צום שוים זי ברענגט פון גאָט —
האָט ער געשפּילט? כּל-נדרי דען?
ראַוועלן?
כ'געדענק נאָר איינס, אַז ס'איז געווען גנאָד
און קדושה אין זײַן שפּיל, אַז קושן ס'האָט
געוואָלט זיך זײַנע הענט
און אויף די קני זיך שטעלן...

נאָר פּלוצעם איז זײַן פּנים איידל-מאַטס
באַרירט געוואָרן פון אַ שאָטן אַ ניט-היגן,
און ס'האָט אין מיטן פונעם שענסטן זאַץ
זיך אָפּגעהאַקט זײַן ווּנדערלעכער ניגון,
זיך פאַרקרימט אין ווייקראַמף האָט זײַן מויל,
אַנגסטיק זיך פאַרגלאָצט די אויגן,
און אויפן דיל, ווי געטראָפן פון אַ קויל,
זיך אַראָפּגעלאָזט ער האָט ווי אין שאול,
פאַרקלעמענדיק אין טויטער האַנט דעם בויגן...
מיט אַזאַ האַזאַרט פאַרקלעמט, אַז ניט דערוועגט
מע האָט אים אָפּנעמען בײַם טויטן מײַסטער...

דער שניי האָט זיי אין איינעם צוגעדעקט
אין דער ערד ביז טיפעניש פאַראײַזטער...

אַ, פון קבר זײַנעם איז פילײַכט
ניט געבליבן שוין פון לאַנג קיין סימן;
יאָרן, יאָרן האָבן זיך אַדורכגעשלײַכט —
טרויעריקע וואָגלער-פּיליגרימען...
נאָר יענע וואָס אים האָבן טיף געשעצט,
באַוווּנדערט אים, פאַרגאַפטע פון זײַן שפּילן,
געדענקען זיכער ווי ער האָט ביז לעצט

געפלעפט, באַלעבט, גערודערט די געפילן,
און די חכמה, און דעם חן פון זײַן טאַלענט,
די נשמה־שײַן און אויך די וואַרעם אירע,
צעשענקט אַ מילדער פון די פולע הענט
אויך אין רגע ווען ס'האָט שוין גענענט
דער טויט צו אים,
איין רגע פאַר דער פטירה...

## בײַם פּושקין־דענקמאָל

געהערט בײַם פּושקין־דענקמאָל כ'האָב
ווי ס'האָט אַ יאָטל צום פּאָעט אַרויפגעשריגן:
היי, דו, מיטן געקרויזטן קאָפּ,
וואָס האָסטו אַזוי הויך אַרויפגעשטיגן,
אויף אייביק זיך אין שטיין אַרײַנגעשמידט,
און דײַן בליק ווי שטיין איז
אויסגעלאָשן־טונקל,
אין אָט דער פּאָזע שטיין ביסטו ניט מיד?
קריך אַראָפּ!..
און מיט די הענטלעך אין גראַניט
געקלאַפּט מיט העזה
ס'האָט דאָס שאָדנווינקל...

תמימות הייליקע, אַיאָ?
נאָר צוריקגערעדט:
וואָס וואָלט געוועזן
ווען דעם קינדס פאַרלאַנגען
צופרידנשטעלן וואָלט ווען דער פּאָעט
און אויף אַן אמת פון זײַן הייך
אַראָפּגעגאַנגען
און וואָלט אַ נעם געטאָן זײַן לירע וואָס געדעגט
די מענטשנהערצער האָט מיט סטרונע צאַרטער
און געריממט די פרײַהייט,
און געוועקט,
און טאַדלען שפּאָטיש די געזאַלבטע קעפּ דערוועגט,
דרײַסט און שווינלאָז,
דער קונדס דער פאַרשאַרטער,
וועמעס קול, ניט קויפלעכס, איז אַ ווידערקול
פון פאָלק געווען,
נאָר אים געדינט זײַן שכינה, —

וואָס וואָלט געווען ווען ער
וואַרפט אָפּ דעם עול
פון זיך, טוט אויס פון שטיין די פעלערינע
און גייט אַראָפּ און זעט
אַז ניט מקוים נאָך איז די נבואה פון פּאָעט,
אַז ס'איז דאָס פאָלק נאָך אַלץ אין רישעות-פּלעט
פון גרויזאַמע באַצווינגער.

וואָס וואָלט געווען, האָב איך געקלערט,
ווען כ'האָב דאָס קולכל פון קינד געהערט,
פאַר נאַכט, ווען כ'האָב אַהיים מיך אומגעקערט
פאַרביי דעם דענקמאָל פון דעם פרײַהייט-זינגער.

# דער שטאָרך

קינד מײַנס טײַערס, הערסט צי ניין?
כאָטש עס האַלטן נאָך די קעלטן,
ווי ער טוט זיך שוין פאַרגיין,
ווי ער קערט שוין דאַרטן וועלטן
ער, דער אומרויִקער שלאַק
אינעם שוואַרצן אַטלאַספראַק,
ווי ער ברויזט עס, ווי ער פלאַפלט
אויפן בוים וואָס שטייט פאַרצאַפלט,
פול מיט זיסקייט און געשמאַק —
אונדזער שטאָרך דער קליינער...

ער דערווײַל ז׳געקומען איינער
אַ מרגל — אויסצושפּירן
ווי עס האַלט דאָ מיט די פרעסטלעך,
צי ס׳הייבט אָן שוין אויפצופרירן,
צי שוין גרייט די שטאָרכן־קעסטלעך
אויף די הויכעביימערשפּיצן,
קענען זאָל אָן זאָרג אויסזיצן
אויף די אייעלעך זיין „זי"...

הערסט, דו הערסט? פון אינדערפרי,
אין רעפּערטואַר זײַן אַלטן,
וואָס פון זיידעס האָט דערהאַלטן,
וואָס פון טאַטעס האָט געירשנט,
ווי ער זאָגט עס, ווי ער דרשנט,
אָט מיט טרעלנדיקע טענער
זיך פאַרגייט ער אויפן טענאָר,
אָט לאָזט ער אַראָפּ זיך טיף,
אויפן אַלט — רעטשיטאַטיוו,
גלײַך אַ נײַעם זין און טעם

פּישופּט אוים ער אין זײַן ניגון,
טוט עס מיט אַזאַ מין פלאַם,
זינגט דאָס ליד אוים פון זײַן שטאַם,
וואָס אין שווערן ווינטער היגן
איז עס אײַנגעשוויגן...

קינד מײַנס טײַערס, פּיבוד שיט
אָן פּאַר אים אַ פולן טעלער,
פילן זאָל בײַ אונדזער שוועל ער
היימיש זיך. ס'האָט פון זײַן ליד
אויסגעקלאָרט זיך מײַן געמיט
און דער שמייכל איז געוואָרן העלער...

# דאָס פאַרווונדעטע גענדזל

אין הויכן סכך ביַים אָזיערע־ברעג,
אויף וויַיסע פליגל מיט בלוטרויטן פלעק
אַ גענדזל ליגט איַינגענורעט אין שרעק,
געטראָפן פון בליַיִיקן שפּליטער.
פאַרטיַיעט, אין קראַמפּיקן ציטער,
הילפלאָז דאָס קעפּל אַרויף עס פאַרריַיסט,
און זעט:
די חברטעס־סטיַיע דאָרט קריַיזט
אין דער הייך, דער אויפגעפּראַלט גראָמער,
זיי רופן עס מיט אַ פאַרצווייפלט געיאָמער
אַז ס׳וויל זיך די פליגל טאָן אַ צענעם,
די יונגע קרעפטן דערפילן
און האַסטיק אַ שמיַים טאָן
פון ווונדיקן קלעם
אין הימל שלווהדיק שטילן.
נאָר ס׳בריט עס די אָפענע ווונד און בראָט
הינטער פאַכווע אין פליישעלע רויען,
די פליגל פאַרשטאַרט,
ווי געבונדן מיט דראָט,
געבליבן אַליין ס׳איז אויף וועמעס באַראָט?
אויף וועלכן שווערן נסיון?

אמת, דער יעגער פאַריאָגט האָט די הינט
וואָס האָבן הינטיש געטריַי אים געדינט,
פון יאַגדטאַש
אין וואַסער דעם שרויט אויסגעשאָטן,
און אַהיים זיך געגאַנגען, אַזוי ווי אַ שאָטן,
מיט אַ פּון שולד און חרטה
צעקנוילטן געמיט.
אָבער דאָס גענדזל קיין צוטרוי האָט ניט,

ניט צו דער שטילקייט אָוונטיק זיסער,
ניט צום תּשובה־גנאָד פונעם שיסער
וואָס איז אַוועק מיט צעוואַקלטע טריט...

ס'קען נאָך זײַן טבע ברענגען צוריק אים
מיט זײַנע נישטערהינט, די מזיקים
מיט פּיסקעס אין פּינע
פון גיר צו פאַרלענד...
ליגט עס אָן כּוחות, ווי אין אַ פּענט,
אין הויכן סכך ווי אויף אַ שטאַרבבעט ;
און הויך, אין הימל־געוועלב אָן ענד,
גייט פון די שטערן אין וווּנדער־געבלענד
די כּישופדיק אייביקע אַרבעט...

# פעוורײַל

ס׳האָט נעכטן נאָך געגעבן קאַרטן,
געווילדעוויכערט דער פעווראַל,
און הײַנט,
ווען כ׳בין אַרײַן אין גאָרטן,
האָט ער געטאָן מיך אַ באַפאַל
מיט פרילינגזון, מיט פרילינגשאַל,
מיט זשום און מיט געפליסטער זיסן,
גלײַך שוין אויף תּמיד דורכגעריסן
די אײַזוואַנט איז, וואָס זיך געשטעלט
ס׳האָט ווי אַ שוץ די ווינטערוועלט,
גלײַך ס׳האָט דער ווינטער אָפּגעטראָטן
מיט זײַנע סמאַלענדיקע פרעסט
וואָס האָבן אונדז געברענט, געבראָטן,
און אָט וועט פריילעך, ווי אויף נאָטן,
דער שטאָרך אַ שפּיל טאָן אין זײַן נעסט,
און ביימער אויפגעלעבטע וועלן
באַצירן זיך מיט צוויט, ווי קרעלן,
צוליב די פרילינגגעסט.

אַ פרילינגטאָג, אַ טאָג אַ ליבער,
נאָר דאָס איז נאָך קיין שום באַווײַז...
אין סאָסנעוואַלד, אין טיפע גריבער,
פעווראַל כאַפּט נאָר דעם אָטעם איבער
און וועט מיט שנייגרײַפּלעך, ווי רײַז,
דעם גאָרטן מײַנעם נאָך פאַרשיטן...
זײַן טבע קענען מיר פון לאַנג,
באַקאַנט אונדז זענען זײַנע זיטן,
מע דאַרף זיך פאַר זײַן מילדקייט היטן,
זײַן ריקצוג איז אַ כיטרע גאַנג...

נאָר היינט איז גוט.

אַ ליבע וואַרעם.

און דו גייסט אום מיט מיר געאַרעמט,
און ס׳זאַפּט זיך ווי אַ שוואָם אָן מיין געמיט
מיט זונענשיין, מיט פרילינג-ליאַרעם,
און מיט דיין שמייכל
וואָס הימלט אין מיין ליד...

# כאַטש בלוטיקן ס׳טוט מײַן ליד

ווי אַ פּיפּיק חיהלע אַרויסגערייכערט ווערט
פון לאַבירינט פון זײַנעם, פון דער אונטערערד,
אַרויסרייכערן די האָפענונג זײַט יאָרן
פון אונדזער בלוט מ׳האָט זיך באַמיט...
באַמיט זיך אָפּשנײַדן פון עבר-נאָפּל דעם זכּרון
וואָס פעסט דעם צובינד האָט פאַרהיט,
אַז ווערן אָרעם זאָלן מיר
און מיטן ייִד
אין אונדז זיך נעמען שעמען, מיאוסן;
די פליגל מ׳האָט פון אונדזער טרוים געריסן,
ווי סאַדיסטלעך קליינע
רײַסן אוים זיי בײַ אַ פליג,
און זיך געלויבט זיי האָבן
אין יעדן הינטערהויף און ליק
מיט זייער גינסטיקייט צו אונדז,
מיט זייער גאַנג הומאַנעם;
אַרויסגעשטעלט זיי האָבן אויך געדונגענע כּהנים,
פרעדיקער, חכמים, יודעי-ח״ן
(וואָס שטאַמען, וויי, פון אונדזער אייגענעם געביין),
באַווײַזן אונדז מיט דבקותדיקע שטימען
אַז דאָס
מיט וואָס
צווישן די פעלקער מיר זיך רימען
טראָגט גאָרנישט אונדזער סימן...
פון פרעמדן שײַער
מיר האָבן דאָס געשלעפּט,
פון פרעמדן פײַער
אונדזער שײַן געשעפּט
און פון פרעמדן ברענען
אַן אָפּשײַן נאָר מיר זענען...

נחת-דרגא׳ס וואָס זיך געמאַכט אַ ברעט
פון אונדזערע יסורים — אָן בושה און אָן ערע —
כדי אַ שפּרונג צו טאָן אַרויף העט-העט
צו זייער צווייפלהאַפטער קאַריערע...
מילבן וואָס טאָטשען די באַלקנס פון הויז,
די נשמות,
דעם ספרים-שראַנק, דאָס מעבל,
קריכיקע, וואָס באַלעבאָסטעם נאָר מיט שוועבל
ראָמען פון די ווינונגען אַרויס;
שפּינען העסלעכע ס׳געבוירן ווערן בלויז
אין אָפּטריטערטער, אין אַ הקדש-שטיבל...

וויי, ווי מיר איז שלעכט פון זיי
ביז איבל,
מיך שמאַרצט פון דעם לאַנגיאָריקן פּאַראיבל,
פון די עוולות אונדז געטוענע,
פון גאָרן אַלץ,
גלייך אין ברוסט מיין וווּנדיקער
וואָלט מען אַריינגעשאָטן זאַלץ...
און פון אונדז מע פאָדערט נאָך מיר זאָלן לויבן,
אין אָדעם רימען זיי מיט דעם געוויסן טויבן,
כאָטש בלוטיקן עס טוט דאָס ליד
ביי מיר אין האַלדז,
ווי דאָס שקיעה-בלוט וואָס רויט
פאַרבט אויס איצט מיינע שויבן...

# דער ייִדישער יוגנט אין ראַטן־פאַרבאַנד

מיר זענען צו אײַך געווען אומגערעכט.
מיר האָבן אײַך, ייִדישע יוגנט, געהאַלטן
פאַר טרוקענע צווײַגן, וואָס הפקר־ווינט ברעכט
זיי אָפּ פונעם שטאָם דעם צעפּײַניקטן, אַלטן,
מיט פאַנצער פון קאָרע
— וואָס איז שוין צעקאָרבט און צעשפּאָלטן —
פאַר טרוקענע צווײַגן מיט אויסגעהוילטן געמיט...
און ניט פאָרגעשטעלט האָבן מיר זיך אַז דער צוויט
געדרימלט האָט פשוט אין אײַערע געוועבן,
און איין מאָל, באַגין, דערוועקטע צום לעבן,
— כ'קאָן ניט דערקלערן אַליין ווי אַזוי —
להכעיס אַלע שוואַרצע פּראָגנאָזן,
וועלן די קנאָספּן זיך דופּטיק צעלאָזן,
וועט איר זיך אָנטאָן אין דופּטנדיק ראָזן
מיט דימענטן צעפינקלטע שפּריצן פון טוי...
מיר האָבן ניט פאָרגעשטעלט זיך אַז געשטיגן
דער זאַפט איז פון טיף, וואָס די קרעפּטן פאַרמערט,
און איר וועט די דאָרונגס־שלאָפקייט באַזיגן,
די מאַנגלען וואָס האָבן אײַך וואַקסן געשטערט,
און בײַגיק צעגרינטע איר וועט זיך צעוויגן,
צעשאַלן אײַער זעלבסטבאַשטעטיקונגס־ניגון
וואָס דאָ,
מ'האָט אַזעלכן
פון לאַנג ניט געהערט...

קעשענעוו 1969

# אינהאַלט:

## מיטן אָפּשניץ פון בלייַער


מיטן אָפּשניץ פון פאַרבאַטענעם בלייַער 11
כ׳האָב ניט חושד געווען 12
ע ר ב 13
אָ, קיין מאָל ניט געדאַכט 15
דאָס זענען זיי 17
דער הער אָבערסט 21
דער לאַגער שלאָפט 26
כאָטש פאַרמאַרעט כ׳בין 28
זי איז אַזוי נאָענט, די וועלט 29
דאָס האַרץ וויל ניט פאַרגעבן 31
און דאָך וואַרט איך 32
איך רוף דעם אויסלייז־ווונדער 33
ערגעץ נאָענט, אין אַ זייַט, דערנעבן 34
מיקיטע, מיקיטע 35
כ׳שיק דעם גורל נאָך אַ לויב 36
טרוימערייַ 37
די פאַרפרוירענע שיף 40
מיטן פּנים צו דער וואַנט 42
נאָר דו 48
אָפט מאָל דאַכט 49
דאָ, צווישן די ווענט 51
אַ בריוו 52
דו מיינסט ? 56
צו ווייַט פון דיר 58
גלייַך זי וואָלט זיצן ביי מיין זייט 59
אַ שילד 60
מייַן אומבאַקאַנט־באַקאַנטער פון יענער זייט קראַטעס 61
ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען 64
השתּפכותדיק — אינטים 65
זיך אומקערן אַהיים מיר וועלן ב׳סלעכווייַז 66
אין וואַלד 68
צום וואָרט 70
וועלטעניו, וויפל איז דער זייגער 72
דער האָלצהעקער 74
לעצטע ווידערקולות 76
לעצטער טאָג 77


## א י כ ה


ניט מיט קויל מיט וויכן 81
אויף דאָרנוועג 82
פאַרצווייפלונג 84
ער איז געווען ווייַטזיכטיקער 87
דאָן־קיכאָט 89
ברוך ה׳ יום־יום 92
איכה 100

## לינדערונג


111 דער וועג צוריק
116 אומגעקערט פון וואַנדערונגען
119 די בושלען וועלכע האָבן אין געמיט
121 אויף מײַן מאַמעס קבר
125 געהאַלטן מיך שוין פאַר אַ ניפטר
127 די מאַמע
129 אַרײַנגעקוקט פאַר נאַכט איך האָב אין גלאַטן
131 פאַר וואָס האָט געשוויגן דער נביא ?


## שוין פאַרשלאָסן זיך דער קרײַז


135 אַן עמוד ענן
141 איך קען דערווייל ניט הערן פון פאַרצײַונג
142 ניט צו באַרימען זיך, כ׳זאָג דיר
143 איך האָב ניט געאַנט
145 וואַרט אַ ביסל
146 ס׳איז דלת אמות, ענג אונדזער געצעלט
147 איך האָב געמיינט
149 פאַר וואָס און פאַר ווען
151 די נאַכט האָט געשמעקט מיט כּישוף
153 שוין פאַרשלאָסן זיך דער קרײַז
155 זי האָט די רו פאַרדינט
156 מיט בלאָנדזשענדיקן בליק
157 זײַ ווי געווען
158 איך גיי ניט אַוועק
159 אפשר ווייסטו
160 וויפל איז דער שיעור דיר צו זאָגן


## ווידערקולות


163 מען האָט מיך באַשולדיקט
165 שפּאַצירנדיק
166 מיר זאָגט מײַן זון
167 קעשענעוו, אוי קעשענעוו
168 פאַר וואָס
170 געבוירן כ׳בין דאָ
172 געווען מיר פּופּצן איז
176 שוין דורכגעשפּאַנט כ׳האָב העכער האַלבן וועג
178 מיר האָט געחלומט זיך
179 אויפשריפט אויף דער קאַרצערוואַנט
184 דער לעצטער קאָנצערט פון פידלמאַג פינקע
188 ביים פּושקין־דענקמאָל
190 דער שטאָרך
192 דאָס פאַרוואונדעטע גענדזל
194 פּעווראָל
196 כאָטש בלוטיקן ס׳טוט מײַן ליד
198 דער יידישער יוגנט אין ראַטן־פאַרבאַנד